פּ. נאָוויק

# די לאגע פון די אידן אין סאוועטן־פארבאנד

## פּאַקטן און ציפערן

(אן ענטפער די פארלוימדער)



אַרויסגעגעבן פון „איקאָר“
ניו יאָרק, 1930.
פּרייז 5 סענט

# צו די אידישע מאַסן אין אַמעריקע!

(אַנשטאָט א פאָרוואָרט)

— באַקענט זיך מיט די פאַקטן!

אָט מיט די ווערטער קומט צו אייך דער „איקאָר".

מיר זיינען איצט עדות פון אזא מין דערשיינונג:

א רעגירונג, וועלכע טוט אַלץ, כדי געזונט צו מאַכן דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן — די איינציקע רעגירונג, די ערשטע רעגירונג אין דער געשיכטע! — ווערט אין דער אידישער פרעסע פארשריען ווי אַזעלכע, וואָס ברייננט אום די אידישע מאַסן!

די דאָזיקע רעגירונג איז — די סאָוועטן־רעגירונג. אָבער די אידישע פרעסע איז, מיט ווייניק אויסנאַמען, ציוניסטיש אָדער מענשעוויסטיש־סאָציאַליסטיש, און איז פאַרבונדן מיט די פּאָליטישע גרופּירונגען, וואָס פירן אַן אַקטיוון קאַמף קעגן דער סאָוועטן־רעגירונג. צוליב די דאָזיקע פאַרבינדונגען, צוליב איר שאַרפער קעגנערשאַפט צום קאָמוניזם, איז די אידישע פרעסע גרייט צו טאָן אַלצדינג, כדי צו דיסקרעדיטירן די אַרבעט פון דער רעגירונג.

מען דרוקט פאַלשע נייעס וועגן קאָלאָניזאַציע, וועגן בירא־בידזשאַן, וועגן דער לאַגע פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מען שרייט וועגן א „מיליאָן דעקלאַסירטע", וועגן „א פּאָגראָם אויף אַלע אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד", מען נוצט אויס די העצע אויפ'ן געביט פון רעליגיע. עס איז ניטאָ ביי דער אידישער פרעסע קיין מיטל, וואָס זאָל זיין ביי איר צו נידעריק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַרויסשטעלן די סאָוועט־רעגירונג אין א טונקל ליכט.

אנשטאָט צו אנערקענען די גרויסע אַרבעט פון דער סאָוועט־רעגירונג געזונט צו מאַכן דאָס אידישע לעבן — אַן אַרבעט, וואָס איז באַגלייט מיט גרויסע מאַטעריעלע און גייסטיקע שוועריקייטן — פאַרלוימדעט מען זי דאָ אויפ'ן שענדלאַכסטן שטייגער!

דער „איקאָר" איז געווען אין אַמעריקע די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, — אין א צייט ווען די אידישע פרעסע האָט דערפון חוזק געמאַכט. איצט

זיינען שוין פאַראַן ווייניק אידן אין אַמעריקע, וואָס זאָלן — לפּחות מיט'ן מויל — זיין קעגן קאָלאָניזאַציע, אַלס אַזעלכע. דער „איקאָר" האָט געבראַכן דעם אַייז. דער „איקאָר", וועלכער שאַפט איצט טראַקטאָרס און מאַשינען פאַר בירא־בידזשאַן, האָט אויך אויפ'ן געביט פון קאָלאָניזאַציע אין דער געגנט אויפ־געטאָן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. אַ סך פון די טענות פון די קעגנער פון בירא־בידזשאַן זיינען שוין אָפּגעפאַלן, צוליב דער אויפקלערונג, וואָס דער „איקאָר" פאַרשפּרייט, באַזונדערס נאָך דער אויספאָרשונג פון דער עקספּערטן־קאָמיסיע, וואָס איז לעצטן זומער דורכ'ן „איקאָר" געשיקט געוואָרן אין בירא־בידזשאַן.*) און איצט, ווען עס קומט פאַר אַזאַ וואַקכאַנאַליע פון ליגנס און פאַרלוימדונגען קעגן דער סאָוועטן־רעגירונג, געפינט דער „איקאָר" פאַר נויטיק צו באַקענען דעםברייטן עולם מיט די פאַקטן וועגן דער לאַגע פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן דער לאַגע פון דעם אידישן שטעטל, און וועגן די גרויסע, היסטאָרישע אויפטואונגען פון דער סאָוועטן־רעגירונג איבערצובויען דאָס אידישע לעבן אויף אַ געזונטן פונדאַמענט.

דער פּראָפעסער פון דער בראָשור, חבר פּ. נאָוויק, אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג פון „איקאָר", איז מיט עטלאַכע חדשים צוריק, אין הערבסט 1929, געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און האָט שטודירט די דאָרטיקע לאַגע. ער איז באַקאַנט מיט די סאַמע לעצטע אַנטוויקלונגען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויפ'ן געביט פון קאָלאָניזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע פון די אידישע מאַסן. די ציפערן און פאַקטן אין דער דאָזיקער בראָשור זיינען אַ רעזולטאַט פון אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג וואָס חבר נאָוויק האָט געמאַכט.

באַקענט זיך מיט די פאַקטן, און טראָגט איר אַליין אַרויס דעם פּסק־דין!

פאַרוואַלטונג פון „איקאָר".

ניו יאָרק, אַפּריל, 1930.

---

*) די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון: דר. פראַנקלין ס. העריס, אַגראָנאָם, פּרעזידענט פון בריגהאַם יאָנג אוניווערזיטעט, פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע; ב. בראַון, פאַרמער און עקספּערט פון פאַרם־קאָאָפּעראַטיוון; דר. בראַונלי דייווידסאָן, אַגריקולטור־אינזשעניר, פּראָפעסאָר פון אַייאָוואַ סטייט קאַלעדזש; דר. טשאַרלז קונץ, סאָציאָלאָג און אַגריקולטוריסט; קיפער ב. סאולס, געשעפטס־פאַרוואַלטער פון בריגהעם יאָנג אוניווערזיטעט; לעאָן טאַלמי, סעקרעטאַר פון „איקאָר".

דער פולער באַריכט פון דער עקספּערטן־קאָמיסיע וועגן בירא־בידזשאַן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אידיש און ענגליש.

# דאָס אידישע שטעטל

קאַסרילעווקע און קאַבצאַנסק זאָלן ניט פאַרשווינדן פון אייערע אויגן, ווען איר טראַכט וועגן אידישן שטעטל.

דאָס גאַנצע בילד פון דעם אידישן שטעטל, ווי דאָס איז אַזוי מייסטער־האַפט געשילדערט געוואָרן פון מענדעלע מוכר ספרים און שלום עליכם, די ר׳ ספאַדיקס און ר׳ פיאַוועקעס, די בנימין השלישי׳ס און די סענדערלאַך, די מנחם מענדל און די שיינע שיינדלס, — דאָס גאַנצע וויסט, חושכ׳דיק און בלאָטיק לעבן פון אידישן שטעטל, מיט די אַלע אידן, ווייבער און קינ־דער, מיט׳ן גאַנצן מיטלאַלטער און אַבערגלויבן און זינלאָזער עקזיסטענץ, טאָר ניט פאַרשווינדן פון אייערע אויגן, ווען איר טראַכט וועגן דעם אידישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָדער אין פוילן, רומעניע, ליטע, לעטלאַנד.

אין פוילן ל ע ב ט נ אָ ך דאָס אידישע שטעטל פון מענדעלע מוכר ספרים. ניין, דאָס פוילישע שטעטל געפינט זיך אין נאָך אַן ערגערער לאַגע ווי אַמאָל. דער קרעמער ווערט אַרויסגעזעצט פון זיין פרנסה. דער קליינער באַלמעלאָכע אויך. אַנטיסעמיטיזם אָדער ניט — א ז אַ צ י י ט א י ז א צ י נ ד: ד ע ר מ י ט ל־מ ע נ ט ש ו ו ע ר ט כ ס ד ר א ר ו י ס־ג ע ש ט ו י ס ן. די קאָאָפעראַטיוון, די גרויס־פּראָדוקציע, די נייע מעטאָדן, נעמען צו ביים הענדלער און קליינעם באַלמעלאָכע די מיטלען אויף צו עקזיסטירן.

א פ י ל ו א י ן א מ ע ר י ק ע ו ו ע ר ט ד ע ר ק ר ע מ ע ר ל א ר ו י ס ג ע ש ט ו פ ט — דורך די קראָמען פון די טראַסטן (טשעין סטאָרס), דורך די „מעיל־אָרדער“ הייזער, פירמעס וואָס פירן אויס איינצל־באַשטעלונגען פער פּאָסט. אפילו אין אַמעריקע ווערט שוין געשאַפן אַן אַרמיי מנחם מענדלס, און די עקאָנאָמישע לאַגע פון די מנחם מענדלס ווערט אַלץ ערגער. אַ פּשיטאַ שוין אין מזרח אייראָפּע, וואו דאָס אידיש שטעטל איז געשטאַנען אויף הינערשע פיסלאַך, און האָט אין די „בעסטע“ צייטן ניט געהאַט קיין חיונה. אין די „בעסטע“ צייטן האָט דאָך דאָס אידישע שטעטל פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מחנה קבצנים און דלפנים, וואָס האָט געלעבט פון תעניתים!

איז טאקע די לאגע א ביטערע. מען דארף דאס שטעטל געזונט מאכן. מען דארף פטור ווערן פון א ירושה פון הונדערטער יארן. מען דארף געבן דעם אידישן לעבן א געזונטן באדן. ווי־זשע אזוי טוט מען דאס? וואו טוט מען דאס?

אין די לענדער, וואו עס הערשט רעגירונגס־אנטיסעמיטיזם, ווערט די לאגע פון די אידן אלץ מער האפנונגסלאז. אין אזעלכע לענדער, ווי צום ביישפיל פוילן, ליטע, רומעניע, לעטלאנד, ווערט געפירט א באשטימטע, דורכגעטראכטע פאליטיק כדי צו אויסראטן די אידישע באפעלקערונג. מען שאפט ניט פאר זיי קיין נייע קוואלן פון פרנסה. מען לאזט זיי ניט צו אין אזעלכע ערטער, וואו זיי וואלטן זיך געקענט צופאסן. מען פארטרייבט זיי פון די געציילטע עקאנאמישע פאזיציעס, וואס זיי האבן געהאט פון פריער. מען באיקאטירט די אידישע ארבעט. מען באשעפטיקט ניט קיין אידן אין די רעגירונגס־אינסטיטוציעס. מען טוט אלץ וואס מען קען כדי די אידישע באפעלקערונג באמת אויסצוראטן.

עס איז דאך אבער קלאר, אז אפילו אן אזעלכע אנטיסעמיטישע מיטלען וואלט די לאגע פון דעם אידישן שטעטל געוועזן זייער שווער. כדי געזונט צו מאכן דאס אידישע לעבן, וואלט מען געדארפט אנהויבן א ריזיקע ארבעט, וואלט מען געדארפט ארויספירן די אידישע עקאנאמיק אויף נייע וועגן. אזא ארבעט וואלט געקאנט געטאן ווערן ניט פון קיין פריוואטער געזעלשאפט, נאר פון א רעגירונג, מיט רעגירונגס־מיטלען, און רעגירונגס־פריווילעגיעס.

עס איז דאך אבער אויך קלאר, אז אויב עס וואלט זיך געפונען אזא רעגירונג, וואלט די ארבעט אירע געווען ניט אזא לייכטע! ערשטנס, וואלטן זיך געפאדערט אומגעהויער גרויסע סומען, כדי אויפצוטאן עפעס ממשות'דיקס. דערמאנט זיך וויפיל צענדליקער און צענדליקער מיליאנען דאלער עס זיינען אריינגעבראכט געווארן אויף קאלאניזאציע אין פאלעסטינע און ארגענטינע! פערציק - פופציק יאר זיינען שוין אוועק, זינט די ארבעט אין יענע לענדער ווערט געפירט. וואס זיינען די רעזולטאטן? קען מען ריידן וועגן גרויסע מאסן אידן, וואס זיינען פון אט־דער ארבעט געהאלפן געווארן? ניין, עס האנדלט זיך וועגן — פארהעלטניסמעסיק — הייפעלאך, וועגן טויזנטער, וועמען די ארבעט האט אנגערירט, און וועלכע זיינען נאך ביז היינטיקן טאג צום גרויסן טייל ניט באפעסטיקט אויף זייער באדן. איז דאך קלאר, אז ווען מען רעדט וועגן איבערבויען דאס גאנצע אידישע לעבן אויף געזונטע יסודות (אפילו אין ארגענטינע, אין א לאנד וואו עס איז דא ארט און וואו מען קומט ניט אין קאנפליקט מיט דער באפעלקערונג), איז דאס א ריזיקע,

א שווערע אַרבעט, וואָס פאָדערט אומגעהויערע סומען געלט, און פאָדערט אויך אַ סך צייט.

אָבער ניט אין דעם ליגט די גאַנצע שווערקייט פון דער לאַגע!

דאָס אידישע לעבן האָט אַ טראַדיציע הינטער זיך, אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן. אַ „באַלעבאַטישער מענטש“ האָט זיך געשעמט מיט אַרבעט. אַ ישוב'ניק איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ווילדע בריאה. אַ שניידער־שוסטער איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ משומד אין דער משפחה. און ווער עס מיינט, אַז פאַר'ן אידישן שטעטל איז לייכט געוועזן אָפּצוטרייסלען זיך פון דער טראַדיציע, ווער עס מיינט, אַז דער איינוואוינער פון אידישן שטעטל לויפט זייער גערן צו ווערן אַ ערד־אַרבעטער, אַ פאַבריק־אַרבעטער, לעבט אין טעות.

דער מנחם מענדל דאַרף נאָך דורכמאַכן ביי זיך אַ גרויסע רעוואָלוציע, דאַרף זיך איבער־ברעכן, דאַרף באַשליסן ביי זיך צו ווערן אויס „באַלעבאַטישער מענטש“, אויס לופט־מענטש, אויס בטלן. פיל פון זיי האָבן שוין די רעוואָלוציע געמאַכט ביי זיך. אָבער אַ גרויסער טייל לופט־מענטשן שטעקט נאָך גייסטיק אין דער אַלטער סביבה, ווייל זיך נאָך ניט שיידן מיט אַמאָליקע געוואוינהייטן, און האָט ניט דעם מוט און דעם רוקנביין צו אָנהויבן אַ ניי לעבן, — אַ זאַך, וואָס קומט ניט אָן אַזוי לייכט!

שווערקייטן מאַטעריעלע און שווערקייטן גייסטיקע! אומגעהויערע שווערקייטן! מיט די גרעסטע פאָנדן וואָלט מען דאָ אין משך פון יאָרן קיין סך ניט געקענט אויפטאָן אָן דער הילף פון אַ רעגירונג, אָן דעם פאַרנעם, וואָס נאָר אַ רעגירונג קען אַריינטראָגן אין דער אַרבעט.

איז דאָ אַזאַ רעגירונג! צום ערשטן מאָל אין דער גע־שיכטע! דאָס איז — די סאָוועטן־רעגירונג! אָבער די שווערקייטן, מאַטעריעלע און גייסטיקע, זיינען געבליבן. עס איז אַ מאַנגל אין געלט־מיטלען, אַ מאַנגל אין ערד, אַ מאַנגל אין פאַבריקן, און עס לעבט נאָך די שטעטלשע טראַדיציע אין אַ היפּשער מאָס. אָט דאָס דאַרפן מיר געדיינקען, כּדי ווי געהעריק אָפּצושאַצן וואָס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז שוין אויפגעטאָן געוואָרן.

די אויפטואונגען זיינען פילפאַכיקע: קאָלאָניזאַציע, אינדוסטריאַליזאַציע, אויפבויאונג פון דער אידישער קולטור. פּאָליטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי אידישע סאָוועטן, געריכטן, א. א. וו., פאַרנעמט אַ באַדייטנדיקן אָרט צווישן די אויפטואונגען. אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלאַך וועלן מיר פּרובירן איבער־

געבן א ריי פאַקטן וועגן אַט־די פאַרשיידענע פאַזן פון דער אויפבוי־אַרבעט. אָבער דאָס זיינען אייגנטלאַך ניט קיין באַזונדערע פאַזן, נאָר איין גרויסע, פאַרוויקלטע, אָנשטריינגנדיקע ארבעט געזונט צו מאַכן דאָס אידישע לעבן, מאַכן פון דעם מנחם מענדל א פּראָדוקטיווון מענטשן.

וואָלט די עקאָנאָמיק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, וואָלטן אפשר די רעזולטאַטן געווען אָן גרויסער באַדייטונג, ניט געקוקט אויף אַלע אָנשטריינגונגען. אָבער די לאַגע פון די אידן איז שטענדיק אייננג פאַרבונדן מיט דער לאַגע פון דעם לאַנד וואו זיי וואוינען. און צוזאמען מיט'ן וואוקס פון דעם פינף־יאָריקן פּלאַן, וואַקסט די ארבעט אויך צווישן דער אידישער באַפעלקערונג. און מען קען טאַקע מיט זיכערקייט זאָגן, אז אין משך פון די פינף יאָר פון דעם פּלאַן וועט די אידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד אָוועקגעשטעלט ווערן אויף געזונטע יסודות, — ווי מיר וועלן דאָס זען פון די ציפערן אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלאַך.

## ווי אַזוי די קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך אָנגעהויבן

פאַר דער מלחמה איז דער באַשטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אַלטן רוסלאַנד געווען אַזאַ (לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1897):

| | | |
|---|---|---|
| הענדלער, מעקלער, אונטערנעמער, א. א. וו. — | 43 | פּראָצענט |
| קוסטאַרן און באַלמעלאָכעס — — — — — — | 25 | " |
| ארבעטער — — — — — — — — — — | 11 | " |
| פּויערים — — — — — — — — — — | 3.5 | " |

ווי שלעכט אַזאַ מין עקאָנאָמיק איז ניט געווען — א פאָלק פון הענדלער און מעקלער! — איז זי נאָך ערגער געוואָרן אין משך פון דער מלחמה. אייגנגעזעסענע אידישע ישובים זיינען אויפגעטרייסלט אָדער פאַרניכטעט גע־וואָרן. די אינדוסטריע גופא איז כסדר געוואָרן רואינירט. די אומנאָרמאַלע מלחמה־עקאָנאָמיק האָט געשאַפן אַרט פאַר נייע קאָנטינגענטן הענדלער, מעקלער, ספּעקולאַנטן און אַלערליי לופט־מענטשן. מען מעג זאָגן, אז אין משך פון דער מלחמה איז דער פּראָצענט פּראָדוקטיווע עלעמענטן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג — פּויערים, ארבעטער און קוסטאַרן — נאָך קלענער געוואָרן.

דאָן זיינען אָנגעקומען די פּאָגראָמען פון די פּעטליוראָווצעס און אַנדערע. און די לאַגע פון די אידן אין דער טעריטאָריע פון געוועזענעם רוסלאַנד איז גע־וואָרן אַלץ ערגער. עס האָט זיך אָריבערגעטראָגן איבער אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד א כוואַליע פון 1520 פּאָגראָמען, אין וועלכע עס זיינען אומגעקומען אַרום 200,000 אידן. די צאָל געליטענע האָט דערגרייכט ביז 700,000. די צאָל פּאָגראָם־יתומים — העכער 200,000. דער חורבן איז געוואָרן אַלץ טיפער. און אָט אויף די רואינעס האָט מען גענומען בויען.

נאָך איידער די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך אָנגעטראָגן, איז קלאָר גע־וואָרן, אַז דאָס אידישע שטעטל וועט ניט קענען אַזוי פירן זיין נישטיקע עקזיסטענץ, ווי אַמאָל. און די נייע אָרדנונג האָט געעפנט פאַר די אידן נייע מעגלאַכקייטן.

שוין אין יאָר 1918 איז אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון די אידישע קאָמוניסטן אויפגעהויבן געוואָרן די פראַגע וועגן איינאָרדענען אידן אויף ערד. ביי דער צווייטער קאָנפערענץ, אין יוני, 1919, איז די זאַך קאָנקרעט אוועקגעשטעלט געוואָרן, און עס איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָלוציע אין דעם זין.*) מיט דער פראַגע האָט זיך פאַראינטערעסירט אויך ל ע נ י ן. איינער פון די פירער פון די אידישע קאָמוניסטן, ס. ד י מ אַ נ ש ט י י ן, האָט וועגן דעם אַריינגעטראָגן א באַריכט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דעם 1טן יולי, 1919, האָט זיך דער דעמאָלטיקער קאָמיסאַר פאַר אידישע נאַציאָנאַלע ענינים, דער זעלביקער ס. דימאַנשטיין, געווענדעט אין קאָמיסאַריאַט פאַר ערד־אַרבעט מיט א גענויעם פּלאַן וועגן באַזעצן אידן אויף ערד. מיט צוועלף טעג שפּעטער האָט די קאָלעגיע פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר ערד־אַרבעט באַשלאָסן אָנצונעמען מיט־לען דעם פּלאַן דורכצופירן.**)

אָט אַזוי האָט דער פּלאַן צו באַזעצן אידן אויף ערד אַלץ ווייטער אָנ־גענומען ממשות'דיקע פאָרמען. עס האָבן זיך אָבער באַלד אָנגערוקט די אויבנדערמאָנטע פּאָגראָמען. די אָנפאַלן פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע האָבן זיך פאַרשאַרפט. אין דער פּאָגראָם־כוואַליע זיינען א סך פון די אַלטע אי־דישע קאָלאָניעס אָפּגעווישט געוואָרן. וועגן שאַפן נייע קאָלאָניעס אין או־קראַינע, קרים, אָדער ווייס־רוסלאַנד, האָט קיין רייד ניט געקענט זיין.

עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און די שטרעבונג צו באַזעצן אידן אויף ערד, ריכטיקער — די באַוועגונג פון די אידן אַליין צו באַזעצן זיך אויף

*) י. גאָלדע: „זעמעלנאָיע אוסטראָיסטוואָ טרודיאַשטשיכסיאַ יעווריעוו", זייט 4, מאָסקווע, 1925, רעגירונגס־פאַרלאַג.

**) דאָרט.

ערד, האָט ווידער אָנגעהויבן אָננעמען רעאַלע פאָרמען. צווישן די יאָרן 1919 און 1921 האָבן זיך פיל אַלטע קאָלאָניסטן באַזעצט צוריק אויפ'ן באָדן, און נייע קאָלאָניסטן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן. באַלד האָט אָבער די באַוועגונג ווידער געקראָגן א קלאַפּ — מיט דער איינפירונג פון „נעפּ“. אומגעפער א העלפט פון די נייע קאָלאָניסטן האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אריין און זיך גענומען פאַר'ן האנדל. דאָס האָט אין א געוויסן זין די קאָלאָניעס געהאָלפן, באַזייטיקט פון זיי דעם ערגערן עלעמענט. אָבער דער קאָלאָניזאציע בכלל האָט דער „נעפּ“ געטאָן א שאָדן. נאָך א גרעסערן קלאַפּ האָבן די קאָלאָניעס געקראָגן פון דעם הונגער אין דער וואָלגע-געגנט, אין 1921. די טריקעניש האָט דעמאָלט אויך אָנגערירט די געוועזענע יעקאַטערינאָסלאַווער גוברניע, און די אידישע קאָלאָניעס פון יענער געגנט האָבן פון די פעלדער כמעט גאָרניט אראָפּגענומען.

פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן און אומגליקן אין משך פון די אַלע יאָרן פון דער מלחמה, בירגער־קריג, פּאָגראָמען און הונגער, האָבן זיך שוין אין סאָוועטנפאַרבאַנד, אין 1923, געפונען מער אידישע קאָלאָניסטן, ווי פאַר דער מלחמה. אָט זיינען די געגויע ציפערן:*)

### די צאָל אידישע ערד־אַרבעטער פאַר די יאָרן 1913 און 1923

| גובערניעס | צאָל נפשות אין 1913 | אין 1923 |
|---|---|---|
| האָמלער | 2324 | 5611 |
| וויטעבסקער | 2046 | 4445 |
| סמאָלענסקער | 1735 | 4033 |
| ווייס־רוסישער | 3000 | 5524 |
| קיעווער | —— | 2410 |
| טשערניגאָווער | —— | 501 |
| וואָלינער | 1866 | 755 |
| פּאָדאָליער | 519 | 8742 |
| דאָנעצער | 5519 | 3200 |
| יעקאַטערינאָסלאַווער | 13350 | 10485 |
| אָדעסער | 22399 | 30205 |
| צוזאַמען | 52,758 | 75,911 |

*) דאָרט, זייט 57.

אויף אַ סטיכישן אופן, פאַלנדיק און הויבנדיק זיך, אָן אַ פּלאַנירטער באַוועגונג, און דורך הילף, וואָס איז אויך ניט געווען געפּלאַנעוועט, איז די אידי־שע ערד־אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אין 1923 געשטאַנען מיט פּונקט פּראָ־צענט העכער ווי אין 1913.

אין 1922 האָט דער קאָמיסאַריאַט פון ערד־אַרבעט, לויט'ן פאָרשלאָג פון אַ. מערעזשין, געזען, אַז אויף דער אַלגעמיינער לאַנדווירטשאַפטלאַכער אויסשטעלונג אין מאָסקווע זאָל איינגעאָרדנט ווערן אַ אידישער פּאַוויליאָן. דער דאָזיקער פּאַוויליאָן האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען און האָט צום ערשטן מאָל צוגעצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט צום ענין אידישע קאָלאָני־זאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד. אָבער פון אַ סיסטעמאַטישער, דורך דער רעגירונג אויסגעפּלאַנעוועטער אַרבעט, איז נאָך ווייט געווען.

## וויפיל אידישע קאָלאָניסטן זיינען דאָ אַצינד?

דעם 29טן אויגוסט, 1924, איז לויט אַ באַשלוס פון דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די סאָוועטן געשאַפן געוואָרן דער „קאָמערד" (אויף רוסיש: „קאָמזעט"). פון יענעם מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין דעם געביט פון אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

אין די פינף יאָר צייט, זינט דער „קאָמערד" אַרבעט, דאָס הייסט ביז סוף אויגוסט 1929, מיט אַ האַלב יאָר צוריק, זיינען באַזעצט געוואָרן נייע 23 טויזנט פאַמיליעס, אָן ערך 115 טויזנט נפשות, אויף ערד, לויט אַזאַ סדר:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1925 | — — — — — — — | 4283 פאַמיליעס |
| " 1926 | — — — — — — — | 3234 " |
| " 1927 | — — — — — — — | 4218 " |
| " 1928 | — — — — — — — | 4811 " |
| " 1929 | — — — — — — — | 6225 " |
| | צוזאַמען | ——— |
| | צוזאַמען | 22,771 פאַמיליעס |

צוזאַמען מיט די פריערדיקע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויף ערד ביז 1923, און ביז אויגוסט 1924, ווען דער „קאָמערד" איז געגרינדעט געוואָרן, און צוזאַמען מיט די ביי־שטעטלדיקע אידישע ערד־אַרבעטער האָבן

זיך שוין אין אויגוסט 1929 געפונען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף ערד איבער צוויי הונדערט טויזנט אידן.

נאָך שאַרפער זעט זיך אַז דער וואוקס פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין דעם שטח ערד, וואָס די אידישע קאָלאָניעס פאַרמאָגן. אין 1923 האָבן זיך אין די הענט פון אידישע קאָלאָניסטן געפונען אַז ערך 150,000 העקטאַר לאַנד. זינט דער „קאָמערד" איז געגרינדעט געוואָרן, האָט די סאָוועטן־ריגירונג געגעבן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע נייע 449,171 העקטאַר לאַנד, אין די פאָלגנדע געגנטן:

| | | |
|---|---|---|
| אוקראַינע — — — — | 166,286 | העקטאַר |
| ווייס־רוסלאַנד — — — | 23,064 | " |
| קרים — — — — — — — | 236,757 | " |
| דאַגעסטאַן — — — — | 11,362 | " |
| אַנדערע ערטער — — — | 11,702 | " |
| צוזאַמען — — | 449,171 | העקטאַר |

חוץ דעם ריזיקן שטח נייע לאַנד, האָט די סאָוועטן־רעגירונג אָפּגעגעבן דעם „קאָמערד", פאַר'ן צוועק פון אידישער קאָלאָניזאַציע, די גאַנצע געגנט ביראָ־בידזשאַן, אין וויטן מזרח, וועלכע פאַרמאָגט דריי מיליאָן מיט 800 טויזנט העקטאַר לאַנד!

לויט דער אָפּשאַצונג פון די פירער פון אַמעריקאַנישן „דזשאָינט", באַטרעפט דער ערד־שטח, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט געגעבן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע בלויז אין אוקראַינע און קרים — פינף און צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר, לויט די פרייזן פון פאַר דער מלחמה! *)

אָבער די סאָוועטן־רעגירונג האָט ניט נאָר געגעבן ערד אומזיסט. זי האָט געגעבן, און גיט, געהילף. זי גיט די איבערוואַנדערער פּריווילעגיעס ביים אַריבערפאָרן פון שטעטל אין קאָלאָניע, פרייע באַן. זי גיט דעם נייעם קאָלאָניסט קרעדיטן, זי באַפרייט אים אויף אַ צייט פון שטייערן, פון מיליטער־דינסט. אָבער — אויך די גרויסע הילף קען נאָך ניט געבן אַ באַגריף דערפון, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט געטאָן, און טוט, פאַר די אידישע קאָלאָניסטן.

די אידישע קאָלאָניסטן אין אוקראַינע האָבן אין די יאָרן 1927 און 1928 געהאַט איין אומגערעטעניש נאָך דער אַנדערער. מען האָט זיי כסדר געדאַרפט העלפן — העלפן מיט שפייז, זיי און זייערע פי, און העלפן מיט זריעה, מיט

*) רעדע פון דזשיימס ראָזענבערג אויף דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, 8טן מערץ, 1930.

טעכניקער, כדי די פעלדער זאָלן ווידער באַארבעט ווערן. אַט אין די אַלע שווערע מאָמענטן איז די סאָוועטן־רעגירונג בייגעשטאַנען די אידישע קאָלאָניסטן און געהאָלפן זיי אויפצוהאַלטן זיך אויף זייערע פּאָזיציעס.

עס דאַרף פאַרשטייט זיך, ניט פאַרשוויגן ווערן די ארבעט פון „דזשאָינט", וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד נאָכדעם ווי דער „איקאָר" איז געגרינדעט געוואָרן, און נאָכדעם ווי דער „איקאָר" האָט געהאַט אָנגעפירט אַ היבשע פּראָפּאַגאַנדע אין אַמעריקע פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָבער ווי באַדייטנד די הילף פון „דזשאָינט" איז ניט געווען, איז זי אָבער געווען קליין קעגן דעם ריזיקן פאַרנעם פון דער ארבעט. אינגאַנצן האָט דער „דזשאָינט" אויסגעגעבן אויף אידישער קאָלאָניזאַציע דירעקט, אין די געגנטן פון אוקראַינע און קרים, פ י נ ף א ו ן א ה א ל ב מ י ל י א ָ ן ד א ָ ל א ַ ר!*) ווען מען וועט אַ טראַכטן טאָן ווי ווייניק מען האָט מיט אַזעלכע סומען אויפגעטאָן אין פּאַלעסטינע און אַרגענטינע, וועט מען ערשט באַגרייפן, אַז ווי וויכטיק די ארבעט פון „דזשאָינט" איז ניט געווען אויפ'ן געביט פון צושטעלן מאַטעריאַלן, טעכניקער, מאַשינען, זיינען אָבער די אידישע קאָלאָניסטן באַזעצט געוואָרן, און ווערן באַזעצט, הויפּטזאַכלאַך דורך דער סאָוועטן־רעגירונג.

צוהילף דעם אָרגאַן פון דער סאָוועטן־רעגירונג, דעם „קאָמערד", קומט די גרויסע געזעלשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, „געזערד" (געזעלשאַפט צו באַזעצן אידן אויף ערד. אויף רוסיש — „אָזעט").

דער „געזערד" איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרמאָגט ביי צוויי הונדערט און פופציק טויזנט מיטגלידער, אין אַלע טיילן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו עס געפינען זיך אידישע מאַסן. באַזונדערס שטאַרק, פאַרשטייט זיך, איז די אָרגאַניזאַציע אין אוקראַינע און אין ווייס־רוסלאַנד. די אָרגאַניזאַציע באַשטייט אָבער ניט דורכאויס פון אידן. אויך ניט־אידישע ארבעטער, אָנגעשטעלטע,

---

*) באַריכט אויף דער שיקאַגער קאָנפערענץ פון „דזשאָינט", אָקטאָבער, 1928. אין אָנהויב מערץ, 1930, האָט דזשיימס ראָזענבערג דערקלערט אין דער ניו־יאָרק „טיימס", אַז דער „דזשאָינט" האָט אויסגעגעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַכט מיליאָן דאָלאַר. דאָס שליסט, ווייזט אויס, איין אַנדערע אַרבעט, אויסער קאָלאָניזאַציע, — הילף פאַר פּראָפשולן, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געגעבן אַ געוויסע צייט, הילף פאַר לייי־קאַסעס, אויסגאַבן פאַר'ן פּערסאָנאַל, א. אז. וו. די לעצטע צוויי יאָר ג י ט ניט דער „ד ז ש אָ י נ ט" ק י י ן נ י י ע ס ו מ ע ן פאַר אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די אַרבעט פון „אַגראָ־דזשאָינט" ווערט אָנגעפירט פון אַ לויי־פאָנד, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געשאַפן, און צו וועלכן די סאָוועטן־רעגירונג האָט בייגעשטייערט גלייך אויף גלייך. די געלט פון דעם פאָנד ווערט געגעבן די קאָלאָניסטן אלס ה ל ו א ה, און די סאָוועטן־רעגירונג גאַראַנטירט צוריק אויסצוצאָלן דעם „דזשאָינט" זיין טייל געלט, מיט אַ צולאָג פון פינף (5) פּראָצענט.

רויט־ארמייער, קוסטארן און פויערים, ווערן אריינגעצויגן אין דער ארגאני־זאציע. למשל, אין ווייס־רוסלאנד, וואו די ארגאניזאציע האט ארום 45,000 מיטגלידער, זיינען — לויט׳ן באריכט אויפ׳ן פלענום פון ווייס־רוסישן „געזערד״, דעם 17טן פעברואר — 25 פראצענט פון די מיטגלידער ניט קיין אידן. דאס אריינציען ניט קיין אידן אין דער ארבעט פאר אידישער קאלאני־זאציע, איז ניט נאר א מיטל צו שאפן מער הילף פאר דער ארבעט, נאר — דער עיקר — א מיטל צו דערנעענטערן די אידישע באפעלקערונג מיט דער ניט־אידישער, באקענען די ניט־אידישע ארבעטער און פויערים מיט דעם וואס ווערט געטאן צווישן די אידישע מאסן, אפשאפן מיספארשטייעונישן, אנטיסעמיטיזם, און אזוי ווייטער. פאבריקן, טיילן פון דער רויטער ארמיי, שיקן דעלעגאציעס אין די אידישע קאלאניעס, און די דעלעגאציעס ברענגען באריכטן וועגן דעם, ווי די אידישע באפעלקערונג ווערט פראדוקטיוויזירט.

דער „געזערד״ איז יענע ברייטע געזעלשאפטלאכע אומפארטייאישע ארגאניזאציע, אויף וועלכער דער רעגירונגס־קאמיטעט, דער „קאמערד״, שפארט זיך אן אין זיין ארבעט. דער „געזערד״ פארנעמט זיך מיט פראפאגאנדע, מיט שטארקער מאכן צווישן די ניט־פראדוקטיווע אידישע עלעמענטן די שטרעבונג צו איבערגיין אויף א פראדוקטיווער באשעפטיקונג. דער „געזערד״ גרייט צו די צאל פאמיליעס, וואס דארפן באזעצט ווערן אויף ערד, לויט דער צאל ארדערס, וואס דער „קאמערד״ גיט ארוים פאר די באזונדערע געגנטן. דער „געזערד״ פירט אן די ארבעט אין די קאלאניעס, באזונדערס דארט וואו עס איז ניטא קיין אויסלענדישע הילף. די ארבעט אויף אז אופן ווערט געטאן מיט דער מיטווירקונג פון גרויסע מאסן אידישע הארעפאשניקעס.

דער „געזערד״ פארנעמט זיך אויך מיט אריינציען די אידישע מאסן אין די פארשיידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע. (זע ווייטער די קאפיטלען וועגן אינדוסטריאליזאציע.) *)

דער „געזערד״ ציט זיין הכנסה פון מיטגליד־אפצאל, פון עפנטלאכע לאטעריעס און אנדערע אונטערנעמונגען, וואס ברענגען אים אריין א היבשע הכנסה. די סומען, וואס די רעגירונג באשטימט פאר קאלאניזאציע, ווערן אין א באדייטנדיקן טייל אויסגעגעבן דורכ׳ן „געזערד״. דער „געזערד״ קריגט הילף פון „איקאר״ אין די פאראייניקטע שטאטן, פון „פראקאר״ אין ארגענטינע, און פון ענלאכע ארגאניזאציעס אין אנדערע לענדער.

---

*) לויט א מעלדונג אויף דער דערמאנטער זיצונג פון פלענום פון ווייס־רוסישן „געזערד״, וועט די ארגאניזאציע איבערנעמען די ארבעט, וואס איז געטאן געווארן דורכ׳ן סאוועטישן „ארט״.

# נאָך אַ פערטל מיליאָן אידישע קאָלאָניסטן אין די נעקסטע פינף יאָר; בירא-בידזשאַן.

וואָס באַדייטן די אַלע דערגרייכונגען אין משך פון אַזאַ קורצער צייט — דערגרייכונגען, וואָס קיין לאַנד האָט ניט געקענט באַווייזן?

אין די קאָלאָניעס ווערט אויסגעגלייכט דער שטעטלשער הויקער. אין די קאָלאָניעס וואַקסט אַ געזונטער דור. און ניט נאָר איז דאָס אַ פראַגע פון אויסבעסערן דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די שטעטלשע אידן, מאַכן אָט־די אידן פאַר פּראָדוקטיווע און נוצלאַכע מענטשן, נאָר עס איז אויך אַ פראַגע פון געזינטער מאַכן דעם שטעטלשן אידן קולטורעל, רעכטלאַך, אויסגלייכן אים מיט אַלע בירגער ניט נאָר אויפ׳ן פּאַפּיר!

עס עקזיסטירט אַ אידישער ראַיאָן, קאַלינינדאָרף, שוין עטלאַכע יאָר. פאָריקן זומער איז נאָך אַ ראַיאָן, אין זאַפּאָראָזשיע, אָר־קראַינע, דערקלערט געוואָרן פאַר אַ אידישן. איצט — אַ דריטער אידישער ראַיאָן, אין קריוואָי־ראָג, אויך אין אוקראַינע.

דריי אידישע ראַיאָנען, וואו די אידישע שפּראַך איז די אָפיציעלע שפּראַך, וואו די מערהייט סאָוועטן און דער מלוכה־אַפּאַראַט זיינען אידישע.

צווישן די דערגרייכונגען אויפ׳ן געביט רעכטלאַך אויסצוגלייכן די אידישע באַפעלקערונג דאַרף, פאַרשטייט זיך, דערמאָנט ווערן דער גרויסער אָנטייל פון אידישע אַרבעטער, פּויערים, אָנגעשטעלטע און רויט־אַרמייער אין די אַלגעמיינע סאָוועטן און בכלל אין דער מלוכה־אַרבעט. וואָס איז שייך דעם געביט פון מלוכה־אַרבעט אויף אידיש, גייען אַהער אויך אַריין די אידישע געריכטן, וועלכע געפינען זיך אין אַ גאַנצער ריי שטעט מיט אַ באַדייטנדיקער אידישער באַפעלקערונג — מינסק, אָדעס, קיעוו, וויטעבסק א. אַ. אין די אידישע ראַיאָנען האַנדלט זיך עס שוין אָבער וועגן אַ פולשטענדיקן מלוכה־אַפּאַראַט אויף אידיש, וועגן אידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וועגן געבן די אידישע מאַסן יענע מעגלאַכקייטן, וואָס די מאַסן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פאַרמאָגן — אין דעם לאַנד, וואו די נאַציאָנאַלע פראַגע איז געלייזט געוואָרן!

דאָס זיינען גרויסע דערגרייכונגען, אָבער די סאָוועטן־רעגירונג שטעלט זיך ניט אָפּ ביי דעם. כמעט יעדער טאָג ברייננגט אונז נייע ידיעות — וועגן נייע שטיקער לאַנד, וואָס ווערן אָפּגעגעבן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע, וועגן נייע סומען

ג ע ל ט , װ א ָ ס ד י ס א ָ װ ע ט ן ־ ר ע ג י ר ו נ ג ב א ַ ־ ש ט י מ ט .

און דער אײנציקער קוואַל פון װאַנעט עס קומען איצט די גרויסע סומען אויף קאָלאָניזאַציע, איז די סאָװעטן־רעגירונג — אַלס צולאָג צו די פרײַע ערד, געהילף, און פּריװילגיעס, װאָס זי גיט!

אויף אַ זיצונג פון „קאָמערד“ פון 28טן יאַנואַר, 1930, האָט אַ. מערעזשין געמאָלדן, אַז די סאָװעטן־רעגירונג װעט געבן הײַנטיקס יאָר פ י נ ף מ י ל י א ָ ן רובל פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע. דער פאַרטרעטער פון „דזשאָינט“ אין סאָװעטן־פאַרבאַנד, דר. ראָזען, האָט געמאָלדן, אַז די סאָװעטן־רעגירונג װיעט אויסגעבן הײַנטיקס יאָר (אַרײַנרעכענענדיק די קרעדיטן) פ ו פ צ ן מ י ל י א ָ ן רובל פאַר אידישע קאָלאָניזאַציע!*)

לויט'ן פּלאַן פון „קאָמערד“ װעלן אין די נעקסטע פינף יאָר באַזעצט װערן אין סאָװעטן־פאַרבאַנד אויף ערד נאָך 250 טויזנט אידן, לויט'ן פאָלגענדן סדר:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1930 — | 10,050 | פאַמיליעס **) |
| " | 1931 — | 10,975 | " |
| " | 1932 — | 9,850 | " |
| " | 1933 — | 10,900 | " |
| " | 1934 — | 11,000 | " |
| צוזאַמען | | 52,775 | פאַמיליעס. |

*) אַלס באַװײַז װיפיל די סאָװעטן־רעגירונג גיט אויס געלט אויף אידישע קאָלאָניזאַציע, קען דינען דער בודזשעט פאַר די קאָלאָניעס, װאָס װערן באַדינט דורכ'ן „אַגראָ־דזשאָינט“. די געזעלשאַפט, דער „דזשאָינט“ הייסט עס, גיט שוין ניט מער קיין געלט פאַר קאָלאָניזאַציע אין סאָװעטן־פאַרבאַנד. אנשטאָט דעם האָט זי געשאַפן אַ לײַ־פאָנד (זע זײַט 11). אָט פון דעם פאָנד װעט מען הײַנטיקס יאָר קריגן 750 טויזנט רובל פאַר די קאָלאָניעס, װאו די געזעלשאַפט אַרבעט. אין דער אמת'ן װעט מען אָבער מוזן האָבן פאַר די דאָזיקע קאָלאָניעס, הײַנטיקס יאָר, 5,035,000 רובל! קומט אויס, אַז העכער פיר מיליאָן מיט אַ פערטל װעט די סאָװעטן־רעגירונג, דורך פאַרשײדענע בײַנק און אַנדערע אינסטיטוציעס, אויסלײַען. („עמעס“, 18טן פעברואַר.) חוץ דעם, װאָס זי איז אַ גלײַכער שותּף צום לײַ־פאָנד אויך.

**) די אַלע ציפערן זײַנען צוגעשטעלט פון הויפּט־סעקרעטאַר פון „געזערד“ אין מאָסקװע, י. לעװין („עמעס, 29טן אויגוסט, 1929). דער „עמעס“ פון 18טן פעברואַר, 1930, מעלדעט, אַז פאַר הײַנטיקן יאָר זײַנען שוין אַרויסגעגעבן געװאָרן אָרדערס צו קאָלאָניזירן 7,070 פאַמיליעס.

די אַז ערך 53 טויזנט פאַמיליעס וועלן אַרומנעמען אַרום אַ פערטל מיליאָן נפשות!

אַזוי ווי אָבער אין אוקראַינע און קרים איז שוין געבליבן ווייניק פרייע ערד (היינטיקס יאָר וועט דער „קאָמערד" באַזעצן דעם גאַנצן פרייען באָדן, וואָס ער האָט אין אוקראַינע) און אַזוי ווי עס איז בכלל וויכטיק, אַז די אידישע קאָלאָניעס זאָלן ניט זיין צעוואָרפן איבער די פאַרשיידענע רעפּובליקן פון סאָוועטן פאַרבאַנד (אוקראַינע, קרים, ווייס־רוסלאַנד, א. אנד.), נאָר זאָלן איינגעאָרדנט ווערן אַלע צוזאַמען, כדי זיי זאָלן מיט דער צייט פאַרשטעלן מיט זיך איין גרויסע אידישע אויטאָנאָמע געגנט, אַ דערער רעפּובליק, האָט די סאָוועטן־רעגירונג דעריבער דעם 28טן מערץ, 1928, באַשטימט פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע אַ ריזיקע, ניט־באַזעצטע געגנט, אין וויטן מזרח, בירא־בידזשאַן, אַ געגנט וואָס פאַרמאָגט, ווי מיר האָבן געזען, ביי פיר מיליאָן העקטאַר לאַנד און וואו עס זיינען פאַראַן גינסטיקע באַדינגונגען צו באַזעצן אַ גרויסע באַפעלקערונג.

זינט די סאָוועטן־רעגירונג האָט באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן די געגנט ספּעציעל פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע, האָט זיך אויך אַרום בירא־בידזשאַן אָנגעהויבן אַ העצע, פּונקט ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ העצע אַרום אידישער קאָלאָניזאַציע בכלל, מיט יאָרן צוריק. כדי אָפּצושלאָגן די אַלע ליגנס, כדי צו ברענגען די ברייטע אידישע מאַסן אין אַמעריקע אַ באַריכט וועגן דעם, וואָס בירא־בידזשאַן שטעלט מיט זיך פאָר, האָט דער „איקאָר" דעם פאָריקן זומער אַוועקגעשיקט אַהין אַ קאָמיסיע פון עקספּערטן אין דער אַמעריקאַנישער לאַנדווירטשאַפט. די קאָמיסיע האָט געבראַכט מיט זיך אַ גענויעם באַריכט וועגן בירא־בידזשאַן. די קאָמיסיע דערציילט וואָס פאַר אַ רייכע געגנט בירא־בידזשאַן איז — רייך אין געהילץ, אין טייכן און פיש, אין קוילן און טאָרף, אין מינעראַלן פון אַלערליי סאָרטן, ווי אייזן, גראַפיט, גאָלד, און אַנדערע. סיי פאַר לאַנדווירטשאַפט און סיי פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַן אינדוסטריע, איז בירא־בידזשאַן אַן אויסגעצייכנטע געגנט. לויט די ווערטער פון איינעם פון די עקספּערטן — אפשר די איינציקע פרייע געגנט אין דער וועלט, מיט אַזעלכע מעגלאַכקייטן.

פאַרשטייט זיך, אַז די קאָמיסיע ווייזט אָן אויף די גרויסע שוועריקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט'ן באַזעצן לאַנד, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען באַזעצט, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין הייזער, קיין וועגן, און וואָס פאַרמאָגט פאַרוואָרפענע ערטער און ווילד־באַוואַקסענע שטרעקעס לאַנד. דערפאַר טאָקע מוז מען האָבן וואָס מער טראַקטאָרס, גראָב־מאַשינעס און אַנדערע מאַשינעס,

כדי דאָס לאַנד איינצונעמען. די קאָמיסיע ווייזט אויך אָן אויף טעות'ן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין בירא־בידזשאַן ביז איצט.*)

דער אונטערשייד אָבער פון די שוועריקייטן ביים איינעמען בירא־בידזשאַן און די שוועריקייטן, וואָס מען האָט באַגעגנט — לאָמיר זאָגן — ביי קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, אָדער פּאַלעסטינע, איז דאָס וואָס עס איז איצט פאַראַן אַ ר ע ג י ר ו נ ג , וואָס גיט הילף, וואָס גיט אַלע מעגלאַכקייטן, אויף אַ רעגירונגס־מאַסשטאַב!

דאָס באַזעצן פון בירא־בידזשאַן מיט צוועלף טויזנט פאַמיליעס ביז 1933 ג י י ט אַ ר י י ן אין דעם פ י נ ף־י אָ ר י ק ן פּ ל אַ ן פ ו ן ד ע ר ס אָ װ ע ט־ר ע ג י ר ו נ ג **). פון די פינף מיליאָן רובל, וואָס דער „קאָמערד" האָט געקראָגן היינטיקס יאָר, וועלן צוויי און אַ האַלב מיליאָן פאַרווענדעט ווערן אין בירא־בידזשאַן. אין זומער 1929 האָבן זיך שוין געפונען אין בירא־בידזשאַן 1300 אידישע פּיאָנערן,***) וועלכע זיינען אויסגעשטאַנען די שוועריקייטן, וואָס פּיאָנערן קומט אויס אויסצושטיין. היינטיקס יאָר ווערן באַזעצט אין בירא־בידזשאַן 800 פאַמיליעס אויף ערד, 450 פאַמיליעס ביי פאַרשיידענע מלאכות, און 650 פּערזאָן וועלן אַהין אָוועקגעשיקט ווערן צו לערנען זיך אין די פאַרשיידענע קורסן — טראַקטאָר־קורסן, בוי־קורסן, און אַזוי ווייטער. מען וועט היינטיקן יאָר אויפהויבן אין בירא־בידזשאַן 3600 העקטאָר לאַנד. וואָס ווייטער די אַרבעט אין בירא־בידזשאַן ווערט פאַרגעזעצט, אַלץ ברייטער ווערן די מעגלאַכקייטן!

די צאָל אידישע קאָלאָניסטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד וואַקסט מיט אַן אויסערגעוויינטלאַכער שנעלקייט. זינט דער פאָלקס־ציילונג פון 1926 ביז איצט איז דער וואוקס געווען — 31 פּראָצענט!****)

אָט אַזוי גייט די קאָלאָניזיר־אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אָט אַזעלכע ברייטע פּערספּעקטיוון פאַרמאָגט זי.

## מאַכט קאָלעקטיוויזאַציע חרוב די אידישע קאָלאָניעס?

די ציוניסטישע און „סאָציאַליסטישע" אידישע פּרעסע האָט אַ טבע צו באַטראַכטן יעדע גרויסע סאָציאַלע ענדערונג בכלל, ווי אַ גזירה אויף אידן.

*) זע באַריכט פון דער „איקאָר" עקספּערטן־קאָמיסיע.

**) דאָרט, ריקאָוו'ס דערקלערונג פאַר דער קאָמיסיע, זייט 107.

***) „עמעס", 19טן פעברואַר.

****) באַריכט פון דער סטאַטיסטישער קאָמיסיע פון סאָוועטישן „אָרט", „עמעס", 14טן פעברואַר.

בפרט ווען עס האנדלט זיך וועגן סאוועטן־פארבאנד. האט מען גענומען פאר־שרייען די איצטיקע גרויסע סאציאלע איבערקערעניש, וואס קומט פאר אין סאוועטן־פארבאנד, די באוועגונג צו קאלעקטיוויזירן די דארפישע ווירטשאפט, ווי א גזירה אויף אידן.

אפילו די געציילטע שרייבער אין די צייטונגען, וואס זיינען געצוואונגען מודה צו זיין, אז קאלעקטיוויזאציע, איינפירן סאציאליסטישע ווירטשאפט אין דארף, איז א גוטע זאך, זאגן אבער אז בנוגע די אידישע קאלאניעס איז עס א „חורבן“, „אונטערגאנג“, און אזוי ווייטער.

פרעגט זיך: אויב סאציאליסטישע ווירטשאפט איז גוט פאר׳ן דארף אין אלגעמיין, טא פארוואס איז עס ניט גוט פאר׳ן אידישן דארף? אויב עס איז גוט, וואס מען שאפט אפ די אלט־פרענקישע מיטלען פון באארבעטן די ערד, וואס מען בריינגט אריין אין דארף טראקטארס און אלערליי מאדערנע מאשינעס, וועלכע וועלן לייכטער מאכן די ארבעט פון דעם פויער און וועלן בריינגען א גרעסערע געראטעניש, — טא פארוואס איז עס שלעכט פאר׳ן אידישן קאלאניסט?

פארשטייט זיך, אז עס איז ניט שלעכט. פארשטייט זיך, אז עס איז פיל בעסער צו האבן א קאלעקטיווע ווירטשאפט, און ארבעטן לייכטער, און דערגרייכן בעסערע רעזולטאטן, איידער צו זיין אליין א באלעבאס איבער א קליין שטיקל ערד און זיך אפמאטערן די יארן. דאס האבן שוין די אידישע קאלאניסטן לאנג איינגעזען, און דעריבער איז שוין קאלעקטיוויזאציע ניט קיין נייעס צווישן די אידישע קאלאניסטן!

לויט די ידיעות פון „קאמערד“ זיינען שוין אין יולי 1929 אין ווייס־רוסלאנד אליין געווען 266 אידישע קאלעקטיוון, מיט 30,670 העקטאר לאנד! ארום אכצן טויזנט נפשות האבן זיך געפונען אין די קאלעקטיוון.*)

און דאס איז אין ווייס־רוסלאנד, וואו עס איז אינגאנצן דא ביי 48,000 אידישע קאלאניסטן. די צאל קאלעקטיוויזירטע אידישע קאלאניסטן אין יולי 1929 האט שוין אין ווייס־רוסלאנד, הייסט עס, אויסגעמאכט ביי פערציק פראצענט פון דער אלגעמיינער צאל! און דאס איז געווען איידער די קאלעקטיוויזאציע־באוועגונג האט זיך פאנאנדערגעוואקסן, איידער די ציוניסטיש־„סאציאליסטישע“ פרעסע האט זיך ארומגעקוקט, אז מען דארף שרייען, אז די אידישע קאלאניעס „גייען אונטער“ צוליב קאלעקטיוויזאציע...

ווארים די זאך איז דאך פונקט פארקערט! ווער עס האט געהאט די

---

*) „עמעס“, 29טן אויגוסט, 1929.

געלעגנהייט צו זען די אידישע קאָלאָניעס אין סאָוועטן־פארבאנד און צו מאכן א פארגלייך, האט געקענט באמערקן, אז די קאָלעקטיוויזירטע אידישע קאָ־לאָניעס האבן מער טראַקטאָרס, מער מאשינעס בכלל, פארמאָגן געמויערטע שטאַלן פאַר די קי, אָדער שעפסן. די קאָלאָניסטן ווייסן בעסער ווי אַרומ־צוגיין אַרום די פּי זייערע און קריגן אַרויס ניט אין פאַרגלייך מער מילך פער קו, למשל, ווי דער איינצלנער קאָלאָניסט. די קאָלאָניסטן אין קאָלעק־טיוויזירטע קאָלאָניעס האבן מער צייט, דארפן ניט האָרעווען אזוי פיל, און זיי קענען טראַכטן וועגן אויסברייטערן די פאַרם־פּראָדוקציע, צושטעלן די קאָאָפּעראַטיוון קעז, פּוטער, וואָל, פעל, א. א. און איינאָרדנען ביי זיך פּראָ־דוציר־אַרטעלן.

און די גערעטעניש איז טאקע א בעסערע אין די קאָלעקטיוון, און מער ערד ווערט באַאַרבעט. און דאָס איז טאקע די סיבה פאַרוואָס די קאָלעקטיווי־זאציע פאַרשפּרייט זיך אזוי שנעל. עס איז בעסער בשותפות, מיט מאָדערנע מיטלען! איין גערעטעניש פון איין קאָלעקטיוו ברייננגט דערצו, אז די דערבייאיקע דערפער זאָלן זיך אויך קאָלעקטיוויזירן.*)

אין פאַרגלייך מיט פאַראיאָרן הארבסט זיינען די קאָלעקטיוון געשטיגן — פון צוואָנציק פּראָצענט פון אַלע אידישע קאָלאָניעס ביז 50.3 פּראָצענט. העכער א העלפט פון אַלע אידישע קאָלאָניעס אין אוקראַינע זיינען, הייסט עס, לעצטן הארבסט שוין געווען קאָלעקטיוויזירט. און אָט איז א פאַרגלייך פון דער צאָל ערד (פ ע ר פ א מ י ל י ע), וואָס איז פאַרזייט געוואָרן אין די קאָלעקטיוון — מיט דער צאָל ערד וואָס איז פאַרזייט געוואָרן אין די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן.

| קרייז | אין קאָלעקטיוו | אינדיווידועלע ווירטשאַפט |
|---|---|---|
| כערסאָנער — — — | 7,0 העקטאַר | 4,4 העקטאַר |
| קריוואָראָגער — — | 4,7 " | 4,0 " |
| זאַפּאָראָזשיער — — | 3,8 " | 3,0 " |
| אָדעסער — — — | 4,2 " | 2,4 " |
| מעליטאָפּאָליער — — | 7,5 " | 6,5 " |
| דורכשניטלאַך — | 5,5 העקטאַר | 4,0 העקטאַר |
| | פער פאַמיליע | פער פאַמיליע |

און ניט נאָר קומט אויס אין די קאָלעקטיוון מער העקטאַר באַאַרבעט לאַנד אויף א פאַמיליע, נאָר דאָס לאַנד איז אויך בעסער באַאַרבעט, וויסנ־

*) אַזעלכע פאַלן איז מיר לעצטן אָקטאָבער אויסגעקומען צו זען לעבן אָדעס. פּ. נ.

שאפּטלעכער. אזוי איז דער פּראָצענט פּאַרזייטע ווייץ, פון ריינעם סאָרט, אין די קאָלעקטיוון אַ גרעסערער ווי אין די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן.*)

פאַר יעדן בר־דעת איז קלאָר, ערשטנס, אַז עס איז לעכערלאַך צו שטעלן זיך געגן אַ באַוועגונג, וואָס שטרעבט איינצופירן גרויס־ווירטשאַפטן, מיט מאָדערנע מיטלען, אויפ'ן אָרט פון קליין־ווירטשאַפטן מיט אַלט־פּריינקישע מעטאָדן. צווייטנס איז קלאָר, אַז די נייע מעטאָדן זיינען טאַקע בעסער — ניט אין פאַרגלייך בעסער פון די אַלטע מעטאָדן, וועלכע האָבן אַריינגע־טראָגן בלויז אויף אַ געמאַטערט לעבן. דערפאַר, ווי געזאָגט, איז די קאָ־לעקטיוויזאַציע אַזאַ דערפאָלג, הגם מען צווינגט ניט די קאָלאָניסטן צו קאָלעקטיוויזירן זיך, און דאָרט וואו לאָקאַלע טוער האָבן איבערגעטראָטן די אינסטרוקציעס און איינ־געפירט צוואַנג, איז עס אָפּגעשטעלט געוואָרן באַלד ווי מען האָט זיך פון דעם דערוואוסט.

זאָגט מען, אַז ווען מען מאַכט גרויסע קאָלעקטיוון, ווערן איינצלנע אי־דישע קאָלאָניעס „איינגעשלונגען" פון די אַרומיקע ניט־אידישע דערפער. וואָס הייסט איינגעשלונגען? און אַז קאָלעקטיוון — קענען אַזעלכע „עלנטע" אידישע קאָלאָניעס עקזיסטירן אָז אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער באַפעלקערונג אַרום? און פאַרוואָס קענען אידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן אַרבעטן צוזאַמען מיט גרויסע מאַסן ניט־אידישע אַרבעטער און אויף די פעלדער ניט? דער צוועק איז דאָך צו שאַפן פון די דערפער — ברויט־פאַבריקן, אַוועקשטעלן די פויערים אין דער זעלביקער מדרגה, וואָס די אַרבעטער!

אמת איז, אַז אַ דורכאויסיקע אידישע קאָלאָניזאַציע, בלויז אידישע קאָ־לאָניעס אויף איין גרויסן שטח, וואָלט געווען בעסער פאַר דער אויפבויאונג פון דער אידישער קולטור, פאַר אַוועקשטעלן אידישע קינדער־שולן, און אַזוי ווייטער. אָבער דאָס האָט ניט צוטאָן מיט קאָלעקטיוויזאַציע. און דערפאַר איז טאַקע בירא־בידזשאַן אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע, כדי דאָרט זאָל באַשאַפן ווערן אָט דער דורכאויסיקער שטח פון דורכאויס (אָדער אַ מערהייט) אידישע קאָלאָניעס. און די סאָוועטן־רעגירונג, ווי מיר האָבן געזען, האָט אַריינגענומען בירא־בידזשאַן אין איר פינף־יאָריקן פּלאַן, און גיט אַ סך מיטלען צו העלפן בירא־בידזשאַן אויפבויען.

---

*) „עמעס", 3טן יאַנואַר.

# אידן ווערן אַריינגעצויגן אין דער אינדוסטריע

אָבער ניט בלויז דורך קאָלאָניזאַציע מאַכט מען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד געזונט דאָס אידישע לעבן. קאָלאָניזאַציע איז נאָר איינס פון די מיטלען. אַן אַנדער מיטל איז — אינדוסטריאַליזאַציע !

אַריינציען אידן אין די פאַבריקן און זאַוואָדן, אַריינציען אין דער אינ־דוסטריע, אין אַלע אירע צווייגן.

אין אַלטן רוסלאַנד, ווי מיר האָבן געזען, האָבן אַרבעטער אויסגעמאַכט אינגאַנצן 11 פּראָצ. פון דער אידישער באַפעלקערונג. דער פּראָצענט אַרבעטער איז מייסטנס געווען באַשעפטיגט אין די קליינע וואַרשטאַטן, ביי שניידעריי, ביי לעדערוואַרג. ביי דער פאָלקס־ציילונג אין אַלטן רוסלאַנד, אין 1897, איז אויף דער איצטיקער טעריטאָריע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד געווען אידישע אַרבעטער :

| | |
|---|---|
| אין די קוסטאַר־וואַרשטאַטן — — | 93 טויזנט |
| אין די פאַבריקן — ווייניקער ווי — | 20 טויזנט |
| שוואַרצאַרבעטער — ווייניקער ווי — | 18 טויזנט |
| באַטראַקעס (פעלד־אַרבעטער) — — | 7 טויזנט |

צוזאַמען זיינען דעמאָלט געווען אויף דער טעריטאָריע פון דעם איצטיקן סאָוועטן־פאַרבאַנד 137 טויזנט אידישע אַרבעטער.

ביי דער פאָלקס־ציילונג פון 1926 האָבן זיך שוין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד געפונען העכער 150 טויזנט אידישע אַרבעטער, מיט 9,5 פּראָצענט מער.

אָבער דאָס איז ניט אַלץ. עס האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט די צאָל אידישע אַרבעטער אין די קליינע וואַרשטאַטן. דערפאַר איז די צאָל אידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן אין 1926 שוין געווען אויסגעוואַקסן פון 20 טויזנט אויף 69 טויזנט — אַ וואוקס כמעט אויף 250 פּראָצענט ! די אידישע אַרבעטער זיינען שוין ניט מער בלויז שניידער און לעדערניקעס. בעת אין 1897 זיינען אין אַט־די פאַכן געווען אַ העלפט פון אַלע אידישע אַרבעטער, זיינען אין 1926 געווען אין די פאַכן בלויז אַ פערטל. דערביי האָט זיך ריזיק פאַרגרעסערט די צאָל אידישע אַרבעטער צווישן די מעטאַליסטן און אין דער גרויס־אינדוסטריע בכלל.*)

---

*) ל. זינגער, „עמעס“, 19טן יאַנואַר.

אידישע אַרבעטער טרעפט מען איצט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אין די גרעסטע פאַבריקן — דאָרט וואו קיין אידישע אַרבעטער איז פריער ניט געזען געוואָרן אַפילו.

אָבער דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס די ציפערן פון דער ציילונג אין 1926 זיינען שוין ניט מער קיין מאָס פאַר דער איצטיקער לאַגע. פאַר די לעצטע עטלאַכע יאָר, זינט 1926, איז שוין פאַרגעקומען אַ ווייטערדיקע ברייטע און טיפע ענדערונג אין אידישן לעבן אויפ'ן געביט פון אינדוסטריאַליזאַציע.

אָט איז דער וואוקס פון דער אידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין ווייס־רוסלאַנד זינט 1926:

| | |
|---|---|
| 1926 — 50,722 | אידישע פאַבריק־אַרבעטער |
| 1927 — 55,044 | " " " |
| 1928 — 61,172 | " " " (* |

און דער וואוקס אין דער שווערער אינדוסטריע איז דאָ געווען אַ גרעסערער, ווי אין דער לייכטער אינדוסטריע. בעת אין 1927 האָבן אידן אויסגעמאַכט אין דער נאָדל־אינדוסטריע 92,1 פּראָצענט, האָבן זיי אין 1928 אויסגעמאַכט 86 פּראָצענט. פאַרקערט, אין דער שווערער אינדוסטריע איז דער פּראָצענט אידישע אַרבעטער געוואַקסן שטאַרקער ווי דער פּראָצענט ניט־אידישע. אין דער מעטאַל־אינדוסטריע פון ווייס־רוסלאַנד, למשל, האָבן אידן אין 1927 אויסגעמאַכט 34,7 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער. אין 1928 — 37,1 פּראָצענט.

דער זעלביקער פּראָצעס קומט פאָר אומעטום. אין כאַרקאָוו, למשל, איז פון 1927 ביז 1928 די צאָל אידישע אַרבעטער אויף די אָרטיקע פאַבריקן אויסגעוואַקסן פון 2132 אויף 3350, דאָס הייסט — אויף 36,5 פּראָצענט! און די כאַרקאָווער פאַבריקן זיינען מייסטנס פאַבריקן פון דער שווערער אינדוסטריע.**)

מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז אויך די ציפערן פון 1928 זיינען שוין איצט אַלט. זינט דעמאָלט איז דער פּראָצעס פון אַריינציען אידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. באַזונדערס ווערן אַריינגעצויגן אין דער אינדוסטריע די יונגנטלאַכע, וואָס ענדיגן די פּראָפעסיאָנעל־טעכנישע שולן. אין אוקראַינע אַליין האָט זיך די צאָל אַזעלכע

*) די ציפערן פאַר 1927 און 1928 אין אַרטיקל פון א. אַשעראָוויטש, חודש־זשורנאַל „שטערן", מינסק, יאַנואַר, 1930.

**) ק. רובינשטיין אין כאַרקאָווער „שטערן", 22טן סעפּטעמבער, 1929.

שולן לעצטן יאָר געהעכערט אויף 30 פּראָצענט. אַזוי איז אוקראַינע פּערמאַנענט איצט 54 אידישע פּראָפטעכנישע שולן (פּיל אידישע קינדער גייען, פאַרשטייט זיך, אין די ניט־אידישע שולן). דער באַזונדערס שטאַרקער וואוקס פון די פּראָפטעכנישע שולן איז אַ רעזולטאַט פון דעם וואוקס פון דער אינדוסטריע און פון דער פאַרשטאַרקטער פאָדערונג פאַר קוואַליפיצירטע אַרבעטער.*)

עס קומט פאַר אַ פּראָצעס פון אַריינציען אידן אין דער אַרבעט — אויף אַלע געביטן. אַכט טויזנט אידישע קינדער וועלן היינטיקס יאָר אַריינגענומען ווערן אין די „ציט"־קורסן — קורסן צו אַנטוויקלען געלערנטע אַרבעטער. מאַסן אידישע אַרבעטער, ניט קיין יוגנטלאַכע, וועלן קריגן מער קענטעניש אויף די דאָזיקע קורסן. פון די 7000 יוגנטלאַכע וואָס ווערן געשיקט אַרבעטן אין דעם סטאַלינגראַדער טראַקטאָר־זאַוואָד, וועלן 1000 זיין אידישע. אין די פאַבריק־זאַוואָד־שולן ווערן אַריינגענומען אידישע יוגנטלאַכע (ביי די פאַבריקן און זאַוואָדן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד עקזיסטירן קורסן אויף אַנטוויקלען נייע אַרבעטער פאַר דער געגעבענער פאַבריק אָדער זאַוואָד). אויפ'ן מעטאַל־זאַוואָד אין קערטש זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן 120 אידישע יוגנטלאַכע. אין דאָנעצער קוילן באַסיין ווערן איינגעאָרדנט 4459 „דעקלאַסירטע" אידן.**) אויפ'ן ווייטן מזרח, איינגעשלאָסן בירא־בידזשאַן, וועלן היינטיקן יאָר איינגעאָרדנט ווערן 1553 אידישע אַרבעטער.

אַ דאַנק דעם וואוקס פון דער אינדוסטריע וועט מען היינטיקס יאָר דאַרפן צוגרייטן פאַר די אַלטע און נייע אונטערנעמונגען 235 טויזנט געלערנטע אַרבעטער. די סאָוועטן־רעגירונג באַשטימט ספּעציעלע סומען געלט אויף צוגרייטן אידישע ספּעציאַליסטן. פאַראַיאָרן האָט מען געקראָגן ביי דער רעגירונג 300 טויזנט רובל אויף שיקן אידישע יוגנטלאַכע אין די „ציט"־קורסן, אין קערטשער זאַוואָד, אויף די טראַקטאָר־קורסן אין בירא־בידזשאַן. עס ווערן אויך געגעבן סומען פון אַרטיקע פאָנדן. איבער דער גאַנצער גרויס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד קומט פאַר אַ פּראָצעס פון אַריינציען אידן אין דער אינדוסטריע!

עס ווערן אויך אַריינגעצויגן אידישע אָנגעשטעלטע אין די רעגירונגס־אַנשטאַלטן, קאָאָפּעראַטיוון, א. אַ. ניט געקוקט אויף די פאַרקירצונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין די רעגירונגס־אַנשטאַלטן, איז די צאָל אידישע אָנגעשטעלטע (איבער 260 טויזנט) אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, זינט 1926,

*) מ. קיפּער, כאַרקאָווער חודש־זשורנאַל „רויטע וועלט", סעפּטעמבער, 1929.

**) כאַרקאָווער „שטערן", 28טן אויגוסט, 1929.

געוואַקסן אויף 10 פּראָצענט. די צאָל אידישע אַרבעטער איז געוואַקסן אויף 22 פּראָצענט! *)

## אידישע קאָסטאַרן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד

מיט דער צאָל אידישע קאָלאָניסטן, אידישע אַרבעטער און אידישע אַנגעשטעלטע, וועלכע מאַכן שוין איצט אויס (די פאַרדינער צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס) קרוב צו אַנדערהאַלבן מיליאָן נפשות, ענדיגט זיך ניט דער פּראָדוקטיווער עלעמענט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

אין דער פאָלקס-ציילונג פון 1926 האָבן די קוסטאַרן (קליינע באַלמע-לאָכעס, אייגנטימער פון קליינע וואַרשטאַטן) אויסגעמאַכט 21 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג — אַרום 550 טויזנט נפשות. אָבער אויך די צאָל קוסטאַרן האָט זיך זינט דעמאָלט פאַרגרעסערט — אַלץ אויפ'ן רעכענונג פון די געוועזענע הענדלער, לופט-מענטשן, און אַזוי ווייטער. זינט 1926 האָט זיך די צאָל אידישע קוסטאַרן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד פאַרגרעסערט אויף 25 פּראָצענט. און אויך זייערע אָרגאַניזאַציעס ווערן גרעסער, פעסטער.

צום 1טן אָקטאָבער, 1928, זיינען אין ווייס-רוסלאַנד, למשל, געווען אָרגאַניזירט אין אַרטעלן 9600 קוסטאַרן. מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1929 — 18,000. די 89 קרעדיט-געזעלשאַפטן פאַר קוסטאַרן אין ווייס-רוסלאַנד פאַרמאָגן 29,400 מיטגלידער! **)

ווען מען זאָל אפילו אין זינען האָבן בלויז די לעצטע, וועלן זיי אויך, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אויסמאַכן אַרום 130,000 נפשות. אַזוי ווי אין ווייס-רוסלאַנד געפינען זיך איצט אומגעפער אַרום 450,000 אידן, וועט עס הייסן, אַז אַרום 30 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג ציט איר חיונה פון דער קוסטאַרן- פּראָדוקציע. ווען מען זאָל אָנווענדן די זעלביקע מאָס אויף דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, וועט אויסקומען, אַז פון דער קוסטאַרן-פּראָדוקציע ציען זייער חיונה צווישן זיבן און אַכט הונדערט טויזנט נפשות.

די הילף פון דער סאָוועטן-רעגירונג פאַר די קוסטאַרן דריקט זיך אויס, חוץ די אַרטעלן און קרעדיט-געזעלשאַפטן, וואָס ווערן אָרגאַניזירט מיט דער

---

*) באַריכט פון דער סטאַטיסטישער קאָמיסיע ביים סאָוועטישן „אָרט", „עמעס", 14טן פעברואַר, 1930.

**) א. אַשעראָוויטש, דאָרט.

הילף פון דער מלוכה, אויך אין די ספעציעלע סומען, וואָס ווערן באַשטימט פאַר דער קוסטאַר־געווערב קאָאָפּעראַציע. אין ווייס־רוסלאַנד, למשל, האָט די רעגירונג פאַראיאָרן געגעבן 300,500 רובל אויף אַנטוויקלען די קוסטאַר־געווערב־קאָאָפּעראַציע. הייַנטיקס יאָר — 593,300 רובל, אַ פאַרגרעסערונג פון 79,5 פּראָצענט.*)

אין יעדער שטאָט און שטעטל זיינען די קוסטאַרן אָרגאַניזירט אין געזעלשאַפטן, וועמענס אויפגאַבע עס איז צו באַזאָרגן די קוסטאַרן מיט רוי־מאַטעריאַל, מיט קרעדיטן, און אַזוי ווייטער. אויף אַ זיצונג פון „גאָספּלאַן" אין חודש פעברואַר איז באַריכטעט געוואָרן, אַז דער העכסטער עקאָנאָמישער ראַט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז גרייט אויסצוטיילן צווישן די לעדער־קוסטאַרן 50 טויזנט פאַרטיקע פעלן, 200 טאָן פלאַקס, פאַר צען מיליאָן רובל מאַנופאַקטור, פאַר צען מיליאָן רובל רוי־מאַטעריאַל פאַר האָלץ־באַאַרבעטונג, און אַזוי ווייטער.

אָט אויף אַזאַ אופן ווערט געשאַפן הילף פאַר אַן עלעמענט וואָס מאַכט אויס מער ווי אַ פערט־חלק פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, די קוסטאַרן, — חוץ די אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אויפ'ן געביט פון אידישער קאָלאָניזאַציע, אויפ'ן געביט פון אַריינציען אידישע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע און אַריינציען אידישע אָנגעשטעלטע אין די אַנשטאַלטן.

## דעקלאַסירטע; דער אויסזען פון דער אידישער באַפעל־קערונג אין פינף יאָר אַרום.

מען רעדט וועגן אַ מיליאָן דעקלאַסירטע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס זיינען דאָ אפילו אַזעלכע „נאַכלעסיקע" פאַרלוימדער, וואָס גיבן אָנצוהערן, אַז עס זיינען דאָ „מיליאָנען דעקלאַסירטע", אָדער אַ מיליאָן געוועזענע הענדלער.**) דאָס וואָלט געהייסן, אַז צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס וואָלטן

*) א. אַשעראָוויטש, דאָרט.

**) דער „באַרימטער" „פּראָפעסאָר" קראָל, וועלכער האָט זיך אַמאָל פאַרנומען מיט באַווייזן אין דעם מאָנאַטלאַכן „פאָרווערטס"־זשורנאַל, „צוקונפט", אַז ביראָ־בידזשאַן איז אַ גזירה אויפ'ן אידישן פאָלק, שרייבט אין זיין מעמאָראַנדום צום „אידישן קאָנגרעס" אין דעצעמבער, 1929:

„. . . אין משך פון צוועלף יאָר פון איר הערשאַפט, האָט די קאָמוניסטישע רעגירונג ניט אויפגעהערט פאַגראָמירן די אידן." . . . „מיליאָנען דעקלאַסירטע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בעטלער..."

זיי אַליין אויסגעמאַכט אַרום פיר־פינף מיליאָן נפשות, בעת אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז פאַראַן אינגאַנצן ניט מער ווי אַרום צוויי מיליאָן מיט 700 טויזנט אידן...

אָבער אויך די וואָס ריידן וועגן אַ מיליאָן דעקלאַסירטע נפשות (רע־בענענדיק אויך די פיצלעך קינדער פון געוועזענע הענדלער פאַר דעקלאַ־סירטע...), זיינען בלויז אויסן צו פאַרלוימדן, צו מיסרעפּרעזענטירן.

ביי דער פאָלקס־ציילונג פון 1926 האָבן די אַרבעטער אויסגעמאַכט 16 פראָצ. פון דער אידישער באַפעלקערונג פויערים — 8 פראָצ., אָנגעשטעלטע — 20 פראָצ. און קוסטאַרן — 21 פראָצ. נעמענדיק אין אַכט דעם וואוקס פון די אַלע עלעמענטן (זע זייטן 20, 21), קענען מיר זיך משער זיין, לויט די אַלע אָנ־געגעבענע פאַקטן און ציפערן, באַשטייט די אידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פון:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַרבעטער | — — | 20 | פראָצענט |
| אָנגעשטעלטע | — | 24 | " |
| קוסטאַרן | — — | 26 | " |
| פויערים | — — | 10 | " |

צוזאַמען 80 פראָצענט. חוץ דעם איז דאָ אַ באַדייטנדיקער פראָצענט רויט־אַרמייער, קאָמאַנדירן, אינסטרוקטאָרן און אַנדערע באַשעפטיקטע אין דער רויטער אַרמיי.*) עס איז אויך דאָ אַ באַדייטנדע צאָל פאַרטרעטער פון די „פרייע פראָפעסיעס" (פראָפעשאָנאַלס), וועלכע גייען נאָך ניט אַריין אין דער רובריק „אָנגעשטעלטע".

וועגן דער צאָל „דעקלאַסירטע" איז אין דער סאָוועטישער פרעסע,

---

* לויט די ציפערן פון ש. פּאַלאַטניק אין דעצעמבער־נומער „טריבונאַ", 1929. אָרגאַן פון מאָסקווער „געזערד", מאַכן אויס די אידישע רויט־אַרמייער 2.1 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל רויט־אַרמייער, בעת די אידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד מאַכט אויס אינגאַנצן 1.7 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דאָס הייסט, אַז אין דער רויטער אַרמיי געפינען זיך מיט 25 פראָצענט מער אידן, ווי אין דער באַפעלקערונג בכלל.

נאָך גרעסער איז דער פראָצענט אידן אין דער העכערער אָנפירונג פון דער רויטער אַרמיי. צווישן די קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי מאַכן אידן אויס 2.1 פראָצענט, צווישן די פּאָליטישע טוער — 10.3 פראָצענט, צווישן אַדמיניסטראַ־טאָרס — 3.9 פראָצענט, צווישן מעדיצינער — 18.6 פראָצענט, צווישן וועטערינאַריער — 4.5 פראָצענט, אין די מיליטער־שולן — 3.5 פראָצענט. בלויז אין דעם נידעריקערן קאָמאַנדיר־שיכט מאַכן אידן אויס עטוואָס וויניקער ווי זייער פראָפּאָרציע לויט דער באַפעלקערונג — 1.5 פראָצענט.

הויפּטזעכלאַך אין מאָסקווער „עמעס“, ניט לאַנג צוריק אָנגעפירט געוואָרן אַ דיסקוסיע. י. ווייצבליט האָט באַשטימט די צאָל דעקלאַסירטע אידן אין גאַנצן סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף זעכציק טויזנט. ל. זינגער האָט באַשטימט די צאָל דעקלאַסירטע אין אוקראַינע אַליין אויף זעכציק טויזנט חוץ הונדערט טויזנט אַזעלכע וואָס זיינען אומפּייאיק צו אַרבעטן, און אַנדערע עלעמענטן וואָס דאַרפן קריגן הילף. די פאַרשטייער פון „דזשאָינט“ האַלטן, אַז די צאָל דעקלאַסירטע אידן און בכלל אַזעלכע וואָס האָבן ניט פון וואַנעט צו לעבן, איז דריי הונדערט טויזנט.*)

אָט פון די אַלע השערות קען מען זאָגן, אַז עטלעכע הונדערט טויזנט נויטבאַדערפטיקע, איינגעשלאָסן דעקלאַסירטע, זיינען פאַראַן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דערפון איז געדרונגען, אַז אַרבעט איז נאָך דאָ גענוג!

טרעט מען אַרויס געגן די פאַרלוימדער, וואָס שרייען אַ „מיליאָן דעקלאַסירטע“, טאָר מען אָבער אין דער זעלביקער צייט ניט פאַרגעסן, אַז עס זיינען טאַקע דאָ גרויסע מאַסן נויטבאַדערפטיקע, גרויסע מאַסן אָרימע, וועלכע מען דאַרף געבן אַ באָדן אונטער די פיס. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז די אָרימקייט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אַ באַדייטענד גרעסערע, פּראָפּאָרציאָנעל.

שלעכט? געוויס! אָבער ניט די סאָוועטן־רעגירונג איז שולדיק אין דער דערשיינונג. שולדיק איז די קראַנקע אידישע עקאָנאָמיק פון פאַר דער רעוואָלוציע, שולדיק איז דאָס אידישע שטעטל, וואָס איז — ווי מיר האָבן געזאָגט, — נאָך פאַר דער מלחמה געווען פול מיט קבצנים, דלפנים, בטלנים, און סתם טויגעניכטן.

יע, די איבערבויאונג פון אידישן לעבן אויף געזונטע יסודות איז אַ פּיינלעכער פּראָצעס. יעדע גרויסע סאָציאַלע ענדערונג איז באַגלייט מיט ווייטיקן און ליידן. אָבער וואָס דאַרף מען טאָן — אומקערן דאָס אידישע שטעטל צוריק אויף זיינע בלאָטיקע פּאָזיציעס, וואו עס איז געווען מער ליידן, שטענדיקע, אייביקע, אָדער פּטור ווערן פון דער בלאָטע?

פּטור ווערן, איבערבויען — דאָס איז דער וועג!

*) דזשיימס ראָזענבערג, אויף דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, 8טן מערץ, 1930.

און די וואָס ווילן באמת, אַז דאָס זאָל געשען וואָס גיכער, אַז די פּיין פון איבערגעבורט זאָל וואָס שנעלער געלינדערט ווערן, דאַרפן — העלפן, העלפן דער רעגירונג, וועלכע איז גרייט אַלץ צו טאָן אין דעם דאָזיקן פּראָצעס פון איבערבויאונג.*)

עס זיינען דאָ צענדליקער טויזנטער אידישע פאַמיליעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס ווילן זיך באַזעצן אויף ערד. עס זיינען דאָ מאַסן אידן, וואָס ווילן גיין אַרבעטן. פון דער אַנדערער זייט — זיינען פאַראַן גרויסע שטרעקעס ערד, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן ספּעציעל פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע. עס איז דאָ בירא־בידזשאַן מיט נאָענט פון פיר מיליאָן העקטאַר לאַנד. און אין בירא־בידזשאַן קענען — און דאַרפן — געשאַפן ווערן אַלערליי פאַבריקן פאַר דער אינדוסטריע, וואָס דער נייער ישוב דאַרף האָבן און וואָס די שכנ׳ישע טיילן, פון ווייטן מזרח, דאַרפן. עס פעלט אָבער מיטלען. עס פעלט טראַקטאָרס. עס פעלט מאַשינעס. האָט זיך דער „איקאָר" געשטעלט פאַר אַ צוועק צו שאַפן טראַקטאָרס און מאַשינעס פאַר בירא־בידזשאַן, העלפן אַריבערשיקן מאַשינעס פון קרובים אין אַמעריקע צו קרובים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דער „איקאָר" איז איצט די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, וואָס

*) די פאַרשפּרייטסטע לעגענדע וועגן די דעקלאַסירטע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז, אַז זייערע קינדער נעמט מען ניט אַריין אין קיין שול. דאָס איז אַ פאַרלוימדונג. אויף מיינע באַזוכן אין די אידישע שולן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָב איך געטראָפן ניט נאָר קינדער פון סתם דעקלאַסירטע, נאָר אויך קינדער פון כלי־קודש. אַזוי, למשל, האָב איך געטראָפן אין דער סטאַטיסטיק וועגן די קינדער אין די אידישע שולן אין מינסק אַ ספּעציעלע רובריק פאַר קינדער פון כלי קודש. מען באַזייטיקט ניט די קינדער פון די דעקלאַסירטע אין די עלעמענטאַר־שולן, אָדער מיטל־שולן. פאַרקערט, דער צוועק איז אײַנצופירן צוואַנגס־בילדונג פאַר אַלע קינדער. נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן מאַנגל אין פּלאַץ, באַזונדערס אין דער הויך־שול, איז דאָס קינד פון אַרבעטער, אָדער קאָלאָניסט, אָדער קוסטאַר, בילכער. און עס איז דאָך פאַרשטענדלאַך, אַז עס מוז זיין אַזוי. אַ טענה קען מען אָבער האָבן נאָר צו דער פריערדיקער מאַכט, פאַרוואָס זי האָט ניט איבערגעלאָזט גענוג הויך־שולן! (אַגב, וויפיל קינדער פון שטעטל זיינען געגאַנגען אין הויך־שול פריער? און וויפיל קינדער קענען גיין אין הויך־שול אין אַמעריקע אַפילו? די, וואָס מאַכן גוואַלדן, קענען דאָך אָפּט זייערע אייגענע קינדער, אין דער רייכער אַמעריקע, ניט אַריינגעבן אין הויך־שול!). דער שאַרפער מאַנגל אין הויך־שולן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז, אַגב, אַ דערשיינונג, וואָס רירט אָן ניט נאָר די דעקלאַסירטע, פּונקט ווי דער מאַנגל אין פיל אַנדערע נויטיקע אינסטיטוציעס, וואָס מען דאַרף ערשט אַליין בויען. וואָס מער דאָס לאַנד וואַקסט, אַלץ מער ווערן אויך די פּראָבלעמען געלייזט.

זאמלט הילף פאר דער אידישער קאלאניזאציע אין סאוועטן־פארבאנד. דער זעקס־מיליאן דאלאר קעמפיין פון „דזשאינט" און די ציוניסטן האט מיט סאוועטן־פארבאנד קיין שייכות ניט, ווי די פירער פון קעמפיין האבן אפן דערקלערט אויף דער וואשינגטאנער קאנפערענץ פון דעם קעמפיין, דעם 8טן און 9טן מערץ.

## דער „געצייג-קאמפיין" און אנדערע פארלוימדונג-קאמפאניעס

זיינען אבער דא אלערליי פאליטישע געגנער פון סאוועטן־פארבאנד. זיינען אבער דא ציוניסטן, וואס זען אין דער דערפאלגרייכער אויפבויאונג פון דעם אידישן לעבן אין סאוועטן־פארבאנד א קלאפ פאר זייערע באנקראטירטע אוטאפיעס אין פאלעסטינע. פארנעמט זיך דעריבער די ציוניסטיש־„סאציאליסטישע" אידישע פרעסע מיט פארלוימדונגען אויף דער סאוועטן־רעגירונג, מיט דרוקן אלערליי ליגנס וועגן אידישער קאלאניזאציע, וועגן בירא־בידזשאן און אזוי ווייטער.

מען פארגעסט וואס דאס שטעטל איז פריער געווען. מען פארגעסט וואס עס פאסירט מיט'ן אידישן לעבן אין פוילן און ליטע און רומעניע. מען פארגעסט, אז גראד אין די לענדער ווערט די אידישע באפעלקערונג בארויבט פון אלע מעגלאכקייטן צו עקזיסטירן. מען פארגעסט, אז די רעגירונגען פון די לענדער פארטרייבן די אידן פון זייערע עקאנאמישע פאזיציעס אויף א סיסטעמאטישן אופן. און וואס איז שייך אידישע קולטור־פאזיציעס — זיינען זיי פריער כמעט ווי ניט געווען און איצט פארשווינדן זיי אינגאנצן.

יעדער נישטיקער צוזאג פון וועלכן עס איז נישטיקן באאמטן, אדער דיפלאמאטישן פארטרעטער פון וועלכער עס איז פון די דערמאנטע רעגירונגען, ווערט פאנאנדערגעבלאזן ווי א גוטע בשורה פאר אידן. ווען א באאמטער פון פילסודסקי'ס רעגירונג „באוויליגט" צו געבן אן אינטערוויו א פארטרעטער פון א אידישער צייטונג, אדער א אידישן שרייבער, ווערט עס פאנאנדערגעפויקט ווי א ישועה פאר די אידישע מאסן. ווען עס איז ארוים א קלאנג, — און א פאלשער — אז די פוילישע רעגירונג וועט געבן די פאליעסער בלאטעס פאר אידישער קאלאניזאציע (פאר געלט!), האט מען דאס באטראכט ווי א גרויסע טובה. ווען די ליטווישע רעגירונג האט

זיך געשפּילט מיט אַ כּלומר׳שטיער אידישער אויטאָנאָמיע, האָט מען עס פּראָקלאַמירט ווי אַ נייע ערא פאַר׳ן „אידישן פאָלק“.

ווען אַ ט אַ ק י ר ט די אידישע פּרעסע?

די רעגירונג, וואָס האָט אָפּגעגעבן ערד אין ווערט פון 25 מיליאָן דאָלאַר אין קרים און אוקראַינע.

די רעגירונג, וואָס גיט די קאָלאָניסטן פרייע באַנען, געהילף, הלוואות, און אַלערליי לגאַטעס!

די רעגירונג וואָס האָט מעגלאך געמאַכט אַזוינס וואָס די געשיכטע האָט נאָך ניט געזען: אין געציילטע עטלעכע יאָר זאָלן זיך ביי צוויי הונדערט טויזנט נייע אידישע קאָלאָניסטן באַזעצן אויף ערד!

די רעגירונג, וואָס גיט — חוץ אַלעמען — פון אירע מאָגערע פאָנדן צענדליגער מיליאָנען רובל פאַר קאָלאָניזאַציע!

די רעגירונג, וואָס האָט שוין געשאַפן דריי זעלבסטשטענדיקע אידישע ראַיאָנען אין אוקראַינע!

די רעגירונג וואָס האָט אויסגעבויט, פאַר געלט פון אַלגעמיינעם בודזשעט, אַ ריזיקע נעץ אידישע שולן, אינסטיטוטן, קאָפּעדרעס, מוזייען, פאַרלאַגן, קונסט-טעאַטערס!

די רעגירונג, וואָס האָט געגעבן אידן ביראָ-בידזשאַן, אריינגענומען ביראָ-בידזשאַן אין איר פינף-יאָריקן פּלאַן!

אין אַלע לענדער וואו אידן וואוינען, בושעוועט אַנטיסעמיטיזם, רעגירונגס-אַנטיסעמיטיזם, אַ ל ס אַ ט י י ל פ ו ן ד ע ר ס י ס ט ע ם א ו י ס צ ו ר אָ ט ן ד י א י ד ן. עס מאַכן זיך פון צייט צו צייט פּ אָ ג ר אָ מ ע ן. ו ו ע מ ע ן אָ ב ע ר אַ ט אַ ק י ר ט ד י א י ד י ש ע פּ ר ע ס ע?

די רעגירונג, וואָס האָט אָ פּ ג ע ש אַ פ ט פּ אָ ג ר אָ מ ע ן — דאָרט וואו די בלוטיקסטע פּאָגראָמען זיינען אַמאָל געווען!

די רעגירונג, וואָס באַקעמפט אַנטיסעמיטיזם מיט אַן אייזערנער האַנט, ווי איינס פון די סאַמע ערנסטע פאַרברעכנס!

די רעגירונג, וואָס האָט ברייט געעפנט די טירן פון אַלע מלוכה-אַנשטאַלטן, פון דער אַרמיי, פון אַלע קאַנצעלאַריעס פאַר אידן גלייך ווי פאַר אַלעמען!

די אידישע פּרעסע איז כסדר פול מיט ליגנס וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. ליגנס וועגן כלומר'שטע פּאָגראָמען אין אידישע קאָלאָניעס. ליגנס וועגן דעם, אַז די אידישע קאָלאָניסטן אַנטלויפן כלומר'שט אין שטאָט אריין. ליגנס וועגן בירא־בידזשאַן. פריער האָט מען מיט אַלע מיטלען געזוכט צו פאַר־מיאוס'ן בירא־בידזשאַן, פאַרשטעלן עס ווי אַ געפערלאַך אָרט. איצט שרייט מען, אַז מען האָט עס שוין צוגענומען ביי אידן...

די אידישע פרעסע פאַלט ניט אריין אין פאַרלעגנהייט, ווען מען כאַפּט זי אַלע מאָל ביי דער האַנט, וואָס עס ווייזט זיך אַלע מאָל ארויס, אַז איר אינפאָרמאַציע איז ליגן. עס גייט אַוועק אַ שטיקל צייט, און די אידישע פּרעסע — מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער „איטאַ" — חזר'ט איבער די אייגענע ליגנס.

די לעצטע צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט פעלשן די פאַקטן וועגן דעם אידישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט מאַכן פּראָפּאַגאַנדע געגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָס איז די אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט דעם אַזוי־גערופענעם „געצייג־קעמפּיין".

זי באַנוצט זיך מיט ווילדע סענסאַציעס. זי שרייט, אַז זי וועט בויען פאַבריקן פאַר אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד! פּונקט ווי ווער עס איז וואָלט דאָרט געקענט בויען פאַבריקן, אויסער דער רעגירונג.

וואָס איז דער אמת וועגן דער „הילף" פון דער אָרגאַניזאַציע?

אָט וואָס עס דערציילט דער אָפיציעלער אָרגאַן פון „אָרט" אין בערלין, „אָרט־ידיעות" (דעצעמבער נומער, זייט 15):

> „לויט די לעצטע ידיעות פון דעם באַפולמעכטיקטן פון פאַר־באַנד אין מאָסקווע, איז די אָרגאַניזירונג פון אַרטעלן, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אויף די מיטלען פון פאָלקס־געצייג־קעמפּיין ענטגילטיק פאַרענדיקט. די אַרטעלן זיינען פאָלגענדע: אין מינסק — פאַר אויסאַרבעטן וואַטערפאַסן, אין קיעוו — פאַר האָלץ־אויסאַרבעטונגען, אין פּראָסקוראָוו — פאַר שמידן און סטעלמאַכער, אין אָדעס — פאַר געבויגענע מעבל, אין באַסלאַוו — פאַר וועבעריי, און אין באַר — פאַר טריקאָ־טאַזש".

די אַלע אַרטעלן וועלן באַשעפטיקן פינף הונדערט (500) באַלמעלאָכעס.

אָט דאָס זיינען די אַזוי־גערופענע „פאַבריקן"! אָט דאָס זיינען די

רעזולטאטן פון געזאמלטע הונדערט טויזנט דאלאר אין משך פון לעצטן יאר, ווי די געצייג־קעמפיין־ארגאניזאציע באַרימט זיך, אז זי האָט געשאפן. מען האָט געהאָלפן (ניט געבויט) זעקס (6) קוסטאר־ארטעלן, וואָס באשעפטיקן ארום און ארום 500 קוסטארן...

און מען האָט געליארעמט וועגן ראטעווען „אַ מיליאָן דעקלאסירטע !"

ביי דער אָרגאַניזאציע איז אָבער דאָס ליארעמען דער עיקר. ביי איר איז דער עיקר די פּראָפּאגאנדע, וואָס זי מאַכט געגן דער סאָוועטן־רעגירונג !

די פירער פון דער געצייג־קאמפּאניע זיינען די ארויסגעבער פון דער געלער צייטונג „פאָרווערטס", וועלכע האָט אויפ'ן שענדלאכסטן און פרעכסטן אופן אָן אָן אויפהער פ א ב ר י צ י ר ט ב ל ב ו ל י ם ק ע ג נ „ א י ק א ר " , און וועלכע הערט ניט אויף צו באשמוצן די סאָוועטן־רעגירונג מיט די נידערטרעכטיקסטע מיטלען. די צייטונג דערלויבט זיך בסדר צו שרייבן, אז די סאָוועטן־רעגירונג — די סאָוועטן־רעגירונג ! — פארנעמט זיך מיט „אויסראָטן" די אידן !

די ארויסגעבער פון דער צייטונג, וועלכע זיינען די פירער פון געצייג־קעמפּיין, ארבעטן האנט און האנט מיט די מענשעוויקעס און אנדערע פאר־ביטערטע פּאָליטישע קעגנער פון דער סאָוועטן־מאַכט. און די אזוי־גערופענע געצייג־קאמפּאניע, דער געשריי וועגן „אַ מיליאָן דעקלאסירטע", דער געשריי וועגן „אויסראָטונג", איז ביי זיי א מ י ט ל פ ו ן פ ר א פּ א ג א נ ד ע ק ע ג ן ד ע ר ס אָ ו ו ע ט ן ־ ר ע ג י ר ו נ ג.

אפילו אין דער אָפיציעלער דעקלאראציע, וואָס זייער קאָנפערענץ האָט דעם 25טן יאנואר ארויסגעגעבן, דערלויבן זיי זיך צו זאָגן: „דער פאָלקס־געצייג קעמפּיין, איז לכתחילה געשאפן געוואָרן פאר די דעקלאסירטע אידן אין סאָוועטן־רוסלאנד, וואו די לאגע איז ביטערער און געפערלאכער ווי ערגיץ אנדערש".

„ביטערער און געפערלאכער".

דאָס איז ניט אמת ! דער דעקלאסירטער אין סאָוועטן־פארבאנד האָט אַ מעגלאַכקייט צו ווערן אַ פּראָדוקטיווער מענטש, בעת דער ד ע ק ל א ־ ס י ר ט ע ר א י ן פּ ו י ל ן ה א ט נ י ט א ז א מ ע ג ל א כ ־ ק י י ט ! דער יונגער דור אין סאָוועטן־פארבאנד וואקסט אויס אַ געזונטער ! דאָרט איז דאָ אַ רעגירונג, וואָס גיט ערד, געלט. זי טוט פאר דער אי־דישער באפעלקערונג — צוליב די היסטארישע אומשטענדן פון שטעטל — נאָך מער ווי פאר אנדערע נאציאָנאליטעטן !

וואָס קען מען אָבער דערוואַרטן פון די אַרויסגעבער פון געלן „פאָר־ווערטס“? וואָס קען מען דערוואַרטן פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרמאָגט אין איר עקזעקוטיווע מענטשן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַקעמפן די סאָוועטן־רעגירונג צוליב פּאָליטישע מאָטיוון, מענטשן ווי ראַגאָף, וועלכער האָט געשריבן, אַז די סאָוועטן־רעגירונג איז אַ פּאָגראָם־רעגירונג!*) און אַ ציוניסט, ווי „ראַבאַי“ סילווער, ביי וועמען יעדע אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ווי אַ דאָרן אין אויג?

די געזייג־קאָמפּאַניע איז — אַ געצייג קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס איז דער חוב פון יעדן איינעם, וואָס זעט, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג טוט פאַר די אידישע מאַסן, — אַזוינס, וואָס מיט יאָרן פריער האָט מען וועגן דעם ניט געקענט טרוימען אַפילו! — צו פאַרדאַמען אָט־די פאַרלוימדערישע אָרגאַניזאַציע, פונקט ווי מען מוז פאַרדאַמען די שענדלאַכע ליגנס פון דער אידישער פּרעסע בנוגע דער לאַגע פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, — די ליגנס וועגן קאָלאָניזאַציע, וועגן בירא־בידזשאַן, און אַזוי ווייטער.

# די לאַגע פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד נאָכ׳ן 5־יאָריגן פּלאַן

די אַרבעט פון דער סאָוועט־רעגירונג אויפצובויען דאָס אידישע לעבן איז די גאַראַנטיע פאַר דער צוקונפט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אפילו די יאַהודים זיינען געצוואונגען צו זאָגן, אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז די צוקונפט פון די אידישע מאַסן אַ ליכטיקע.**) פאַר די מאַסן, אויף וועלכע דער „איקאָר“ שטיצט זיך, איז קיינמאָל קיין ספק ניט געווען וועגן אָט דער ליכטיקער צוקונפט!

---

*) אָט וואָס ראַגאָף, דער מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון „פאָלקס־געצייג־קאַמפּיין“, האָט געשריבן אין „פאָרווערטס“, דעם 20טן פעברואַר, 1930:

„איצטער, נאָך דרייצן יאָר פון באָלשעוויסטישער הערשאַפט, ווערט אין רוסלאַנד געמאַכט דער שרעקלאַכסטער פּאָגראָם אויף דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג, וואָס עס איז ווען עס איז פאָרגעקומען, און די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען די סאָוועטישע רעגירונג און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע דיקטירט דער רעגירונג וואָס צו טאָן.“

**) דזשיימס מאַרשאַל, אויף דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, דעם 8טען מערץ, 1930, אין זיין פאַרגלייך צווישן די אויסזיכטן פון די אידן אין פּוילן און די אויסזיכטן פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אין איינער פון די רעזאָלוציעס וואָס דער צוזאַמענפאָר פון „איקאָר", דעם 27טן, 28טן און 29טן דעצעמבער, 1929, האָט אָנגענומען, זאָגט זיך, צווישן אַנדערעס:

> דער „איקאָר" איז געגרינדעט געוואָרן מיט'ן צוועק מיטצוהעלפן די אידישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד אין דעם שטרעבן איבערצובויען זייער לעבן אויף יסודות פון פּראָדוקטיווער אַרבעט, באַזונדערס דורך קאָלאָניזאַציע. פון'ם ערשטן מאָמענט אָן האָט זיך דער „איקאָר" פאַרבונדן מיט די פאַראַנטוואָרטלאַכע סאָוועטישע אָרגאַנען פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע און אָן וועלכע ס'איז רעזערוואַציעס געגעבן זיין פולסטע קאָאָפּעראַציע דעם „קאָמערד" און „געזערד".
>
> דער „איקאָר" איז אַרויסגערופן געוואָרן פון פאַרלאַנג פון די ברייטע אידישע אַרבעטער און פאָלקס-מאַסן צו באַטייליקן זיך אינ'ם ווידעראויפבוי פון אידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, סיי צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געפילט אַ פריינטשאַפט צום סאָוועטנפאַרבאַנד, סיי צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געווען איינפאַרשטאַנען מיט דעם סאָציאַליסטישן בויען פון סאָוועטנלאַנד און מיט דעם אינהאַלט פון דעם נייעם לעבנס-שטייגער פון די אידישע מאַסן. די דאָזיקע באַציאונג האָט שוין במילא באַשטימט דעם צוזאַמענשטעל און דעם כאַראַקטער פון „איקאָר".

די אידישע מאַסן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד האָבן איצט אַ היסטאָרישע געלעגנהייט איבערצובויען זייער לעבן אויף געזונטע סאָציאַליסטישע יסודות, צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג פון גאַנצן לאַנד, און די אידישע מאַסן אין אַמעריקע טאָרן ניט שטיין פון ווייטן אין אַט דעם היסטאָרישן מאָמענט!

פון די ציפערן פון דער סטאַטיסטישער קאָמיסיע פון סאָוועטישן „אָרט" האָבן מיר שוין געזען, ווי ראַשיק עס איז אין די לעצטע יאָרן געוואַקסן דער פּראָדוקטיווער עלעמענט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. אַט-די באַפעלקערונג האָט דעם גליק צו לעבן אין אַ לאַנד, וואו די עקאָנאָמיק גייט באַרג-אַרויף, וואו עס ווערט מיט דערפאָלג דורכגעפירט דער פינף-יאָריקער פּלאַן, וועלכער האָט דערשטוינט די גאַנצע וועלט. צוזאַמען מיט'ן וואוקס פון דער גאַנצער ווירטשאַפט פון לאַנד קומט פאָר אַ ראַשיקער וואוקס פון דעם פּראָדוקטיוון עלעמענט אין דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג, נאָך מער ראַשיק, ווי ביז איצט.

לויט דער דערמאָנטער סטאַטיסטיק, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטן-פאַר-

באנד, זיינט דער פאָלקס־ציילונג אין 1926, געענדערט אויף אַזאַ אופן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| צאָל | אידישע | אַרבעטער | געוואַקסן | אויף 22 | פּראָצענט |
| " | " | אַנגעשטעלטע | " | " 10 | " |
| " | " | קוסטאַרן | " | " 25 | " |
| " | " | קאָלאָניסטן | " | " 31 | " |

אין דער אייגענער צייט האָט זיך די צאָל הענדלער ביי אידן, זינט 1926, פאַרקלענערט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף זעכציק (60) פּראָצענט!

לויט דער אויסרעכענונג פון דער דערמאַנטער קאָמיסיע, וועט די אידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, צום סוף פון פינף־יאָריקן פּלאַן, באַשטיין פון אַזעלכע עלעמענטן (דאָ ווערן גערעכנט די פאַרדינער):

| | | |
|---|---|---|
| אַרבעטער | — — — | 350 טויזנט |
| אַנגעשטעלטע | — — | 400 " |
| קוסטאַרן | — — — | 269 " |
| קאָלאָניסטן | — — | 170 " |

צוזאַמען אַ מיליאָן מיט 189 טויזנט פאַרדינער!*)

הענדלער וועלן שוין אין 1933 א י נג א נ צ ן נ י ט ז י י ן.

דאָס גאַנצע אידישע לעבן וועט זיין אַוועקגעשטעלט אויף אַ געזונטן באָדן. היסטאָרישע וואונדן — האַנדל־וואַנדל און אַלע אַנדערע אַנשיקענישן! — וועלן אויסגעהיילט ווערן. און אין אַזאַ קורצער צייט. די פינצטערע ירושה פון טויזנטער יאָרן וועט אָפּגעווישט ווערן אין קאַרגע צען יאָר.

דאָס זיינען רעאַלע זאַכן. די גאַנצע וועלט האָט זיך שוין איבערצייגט, אַז די פּלענער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערן דורכגעפירט — נאָך מער ווי אויסגערעכנט אַפריער!

עס פאַרשטייט זיך, אַז גלייכצייטיק מיט'ן עקאָנאָמישן געזונט ווערן, ווערן אויך די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד קולטורעל געזינטער. די לעצטע יאָרן ווייזן אַ כסדר'דיקן וואוקס אויף דעם קולטור־געביט.

בלויז עטלאַכע ציפערן וועגן דער אידישער קולטור־אַרבעט אויף אוקראַינע.

*) די צאָל פאַרדינער אין אַמעריקע איז אומגעפער אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

וועלן געבן אַ באַגריף, וואָס עס קומט פאַר אויף דעם געביט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די צאָל קינדער אין אידישע שולן אין אוקראַינע איז שוין אויסגע־וואַקסן ביז 90 טויזנט. 59 פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער אין אוקראַינע לערנען זיך שוין אין אידישע שולן (311 פיר־יאָרקע, 195 זיבן־יאָריקע). חוץ דעם זיינען אין אוקראַינע פאַראַן 54 אידישע פּראָפעסיאָנעל־טעכנישע שולן מיט 4500 שילער. עס זיינען דאָרט פאַראַן זעקס אידישע הויך־שולן, מיט 1200 צוהערער (טעכניקומס, אינסטיטוטן, אַקאַדעמיעס, אידישע אָפּטיילונגען ביי אַלגעמיינע אַזעלכע אינסטיטוציעס). די אידישע קינדער־שולן אין אוקראַינע פאַרמאָגן דריי טויזנט לערער. נייע קאָנטינגענטן אידישע לערער און אינ־סטרוקטאָרן ווערן כסדר צוגעגרייט (אידישער פּעדאַגאָגישער טעכניקום אין ווינניצע, אידישע אינסטיטוטן פאַר פאָלקס־בילדונג אין קיעוו און אָדעס, לאַנדווירטשאַפטלאַכע שול אין נאָווא־פּאָלטאַווקע, אידישער פאַקולטעט ביים אַלגעמיינעם אינסטיטוט פאַר פאָלקס־בילדונג אין זשיטאָמיר, א. אַ.).

ווייס־רוסלאַנד שטייט,, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּ פון אוקראַינע. אויך דאָרט זיינען פאַראַן, חוץ די קינדער־שולן — פּראָפטעכנישע שולן, אַלערליי קורסן, הויך־שולן, פּעדאַגאָגישע טעכניקומס (מינסק, וויטעבסק), און אידישע פאַקולטעטן ביי די אַלגעמיינע הויך־שולן.

אין 1929 האָבן זיך שוין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד געפונען 813 אידישע שולן, מיט 121,117 קינדער.*)

אַ נייער געביט איז די וויסנשאַפטלאַך־פאָרשערישע ארבעט אויף אידיש. די פונקציעס דערפילט דער וויסנשאַפטלאַכער אינסטיטוט פאַר אידישער קול־טור אין קיעוו און די אידישע סעקציע ביי דער ווייס־רוסישער וויסנשאַפט־לאַכער אַקאַדעמיע אין מינסק.

סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרמאָגט דעם מענדעלי־מוזיי אין אָדעס, אַ אידי־שער רעגירונגס־מוזיי, און אויך אידישע אָפּטיילונגען אין אַלגעמיינע מוזייען.

אידישע ביבליאָטעקן ווערן אויסגעהאַלטן אויפ'ן רעכענונג פון דער רעגי־רונג. סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרמאָגט פיר אידישע קונסט־טעאַטערס (מאָסקווע, מינסק, כאַרקאָוו, קיעוו) און אַ ריי אידישע טעאַטער סטודיאָס, צווישן זיי די אָדעסער, וועלכע וועט אין גיכן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טעאַטער. די קיעווער דראַמאַטישע שול פאַרמאָגט אַ אידישע אָפּטיילונג.

*) „עמעס“, 25טן מערץ, 1930.

אזוי אויף אנדערע געביטן פון קונסט, ווי כאָר־געזאַנג, אָרקעסטערס, ווערן די אידישע מאַסן באַפרידיקט אויפ'ן רעכענונג פון די אַלגעמיינע בודזשעטן.

דאָס אידישע בוך, דער אידישער פאַרלאַג־וועזן בכלל, האָט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן. דער צענטרפאַרלאַג פאַר די פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרמאָגט ביי זיך אידישע אָפּטיילונגען (מאָסקווע, כאַרקאָוו, מינסק), וועלכע גיבן אַרויס מאַסן אידישע ביכער — בעלעטריסטיק, וויסנשאַפט, פּובליציסטיק, לערן־ביכער פאַר די שולן, ביכער פאַר די אידישע געריכטן, א. א. היינטיקס יאָר וועט דער צענטר־פאַרלאַג — אַלע טיילן זיינע — אַרויסגעבן אַרום צוויי טויזנט דרוק־בויגן אידישע ביכער!

דער פאַרלאַג פון דער קולטור־ליגע, קיעוו, גיט אַרויס די ביבליאָטעק „אידישע שרייבער“, צווישן 70 און 80 בענד בעלעטריסטיק פון אידישע שרייבער!

אין יאָר 1928—1929 (פון אָקטאָבער ביז אָקטאָבער) זיינען אין אוקראַינע דערשינען 178 אידישע ביכער און בראָשורן, אין 721 טויזנט עקזעמפּליאַרן (קאָפּיעס). *)

מיט דער הילף פון די רעגירונגס־בודזשעטן ווערן אַרויסגעגעבן די מאָנאַטלאַכע זשורנאַלן „רויטע וועלט“ און „פּראָליט“ אין כאַרקאָוו, „שטערן“ אין מינסק, דער זשורנאַל „אידישע שפּראַך“ אין קיעוו, די וויסנשאַפטלאַכע אויסגאַבן „שריפטן“ אין קיעוו, „צייטשריפט“ אין מינסק, „וויסנשאַפטלאַכע יאַרביכער“ אין מאָסקווע.

צוזאַמען מיט'ן ביכער־מאַרק וואַקסט כסדר די אידישע פּרעסע. דער מאָסקווער „עמעס“, דער כאַרקאָווער „שטערן“, דער מינסקער „אָקטיאַבער“ — טעגלאַכע צייטונגען — האָבן אין משך פון לעצטן יאָר פאַרגרעסערט זייער טיראַזש אויף איבער פופציק פּראָצענט. אידישע וואָכנבלעטער גייען אַרויס אין אָדעס, קיעוו, בערדיטשעוו, און אַנדערע ערטער. עס ווערט אַרויסגעגעבן וועכנטלאַך די צייטונגען „דער סאָציאַליסטישער דאָרף“, „דער אידישער קוסטאַר“, „יונגע גוואַרדיע“, „זיי גרייט“, א. א.

בעת אין אַנדערע לענדער איז דער ביכער־מאַרק, צוזאַמען מיט'ן אידישן טעאַטער, אָפּגעשטאָרבן, בעת די אידישע קינדער־שול פירט דאָרט אַזאַ

---

*) „שטערן“, 26טן פעברואַר, 1930.

נישטיקע און געמאַטערטע עקזיסטענץ, קומט פאַר אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ פּראָצעס פון אויפבליאונג און וואוקס — סיי אין דער ברייט און סיי אין דער טיף, אין כמות און אין איכות — אויף די געביטן ווי אויף אַלע געביטן פון אידישער קולטור, — צווישן זיי אַזעלכע געביטן וועגן וועלכע מען קען אין אַנדערע לענדער ניט חלום׳ען אַפילו.

וואָס ווייטער דאָס אידישע לעבן וועט זיך אַנטוויקלען, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן די קולטור־אַרבעט, אַלץ מער אידישע קינדער־שולן, פּראָפּעסיאָנישע שולן, אינסטיטוטן, מוזייען, ביבליאָטעקן, טעאַטערס, פאַרלאַגן, און אַזוי ווייטער. די אויטאָנאָמע אידישע געגנטן, און באַזונדערס ביראָ־בידזשאַן, וועלן עפענען נייע געביטן פון קולטור־אַרבעט אויף אידיש, אויף אַ מלוכה־מאַסשטאַב!

פאַר אַזעלכע פּערספּעקטיוון — עקאָנאָמישע, פּאָליטיש־רעכטלאַכע, קול־טורעלע — לוינט זיך צו אַרבעטן, איז אַ פרייד צו אַרבעטן, איז אַ היס־טאָרישע פּריווילעגיע צו אַרבעטן!

אָט דאָס גיט דעם „איקאָר“ באַגייסטערונג!

## די אַרבעט פון „איקאָר“

פאַר די פינף יאָר, וואָס דער „איקאָר“ עקזיסטירט האָט ער שוין אויפ־געטאָן אַ סך אַרבעט פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די אַרבעט קען ניט אָפּגעשאַצט ווערן בלויז אין דאָלאַרן. דער „איקאָר“ שטיצט זיך אויף די אַרבעטנדיקע מאַסן אין אַמעריקע, וועלכע קענען ניט בייטראָגן קיין צו גרויסע סומען. אין משך פון זיין גאַנצער עקזיסטענץ איז דעם „איקאָר“ אויסגעקומען אויסצושטיין אַלערליי פּרעכע און אומפאַר־שעמטע אָנפאַלן מצד דעם „פאָרווערטס“. די געלע צייטונג פלעגט אומישנע אויסטראַכטן אַלערליי בלבולים, — למשל, אַז דער „איקאָר“ שיקט ניט אָפּ דאָס געלט וואָס ער זאַמלט דאָ, — אַלץ מיט׳ן צוועק צו שטערן די זאַמ־לונגען. דער „איקאָר“ האָט ניט איינמאָל אַרויסגערופן דעם „פאָרווערטס“ אויף אַ געזעלשאַפטלאַכן געריכט, אָבער דער „פאָרווערטס“ פלעגט זיך מאַכן ניט וויסנדיק און פאָרטזעצן די אומפאַרשעמטע ליגנס.

דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געשטערט אין דער אַרבעט, אָפּגענומען

אומזיסטע צייט, אפּט געגעבן אימיצן אַן אויסרייד ניט צו העלפן, אָדער צו שעדיקן.

דאָך האָט זיך דעם „איקאָר" אויך אין די ערשטע יאָרן איינגעגעבן צו שאפן באַדייטנדיקע סומען געלט. דער „איקאָר" האָט מיטגעאַרבעט מיט'ן „געזערד" אין באַזעצן אַ ריי אידישע קאָלאָניעס אין יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן, קרים. מיט דער פּראָקלאַמירונג פון ביראָ־בידזשאַן אַלס געביט פאַר דורכאויסיקער אידישער קאָלאָניזאַציע, האָט דער „איקאָר" זיך אינגאַנצן געווידמעט דער אַרבעט פאַר ביראָ־בידזשאַן.

פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָט דער „איקאָר" געזאַמלט העכער 140 טויזנט דאָלאַר. קיין ביראָ־בידזשאַן זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן פאַר 110 טויזנט דאָלאַר מאַשינען — טראַקטאָרס, אויטאָמאָבילן, גראַב־מאַשינען, אַקערס, מאָטאָרציקלעטן, שרייב־מאַשינען, עלעקטרישע מאַשינען. א. א. און אויך אַכצן טויזנט דאָלאַר צום „געזערד" מזומן. דער „איקאָר" גיט זיך אָפּ הויפּטזעכלאָך מיט שיקן מאַשינען, וועלכע האָבן אין ביראָ־בידזשאַן אַן אומגעהויערן ווערט. אַן זיי קען מען זיך אין ביראָ־בידזשאַן ניט נעמען צו דער אַרבעט. די טראַקטאָרס און אויטאָמאָבילן פון „איקאָר" זיינען געווען די ערשטע מאַשינען פון דעם סאָרט אַריינצוקומען אין ביראָ־בידזשאַן. דער „איקאָר" האָט אויך אַריבערגעשיקט קיין ביראָ־בידזשאַן מאַשין־אויסשטאַטונג פאַר אַ גאַנצער געהילץ־פאַבריק.

דער „איקאָר" האָט אַן אָפּמאַך מיט'ן „קאָמערד". דער „איקאָר" אַרבעט האַנט אין האַנט מיט „געזערד".

לויט'ן אָפּמאַך מיט'ן „קאָמערד" קען דער „איקאָר" איבערשיקן מאַשינען צו קרובים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פון קרובים אין אַמעריקע, און אויך מאַשינען פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע צו קוסטאַר־אַרטעלן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דער „איקאָר" האַלט ניט, אַז ער האָט געטאָן גענוג. פאַרקערט, אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער היסטאָרישער אַרבעט, איז דאָס ווייניק געטאַן. דעריבער רופט דער „איקאָר" יעדן איינעם, וואָס סימפּאַטיזירט מיט'ן אויפבוי פון אידישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און וואָס וויל העלפן, אַז דער פּראָצעס זאָל פאַרקומען וואָס גיכער און מיט מער דערפאָלג:

העלפט! שטייט ניט פון ווייטן! לייגט צו אַ האַנט צו דער היסטאָרישער אַרבעט!

ווערט א מיטגליד פון „איקאָר". דאָס קאָסט אײנגאַנצן אַ דאָלאַר אַ יאָר. מיט דעם דאָלאַר וועט איר זיך פאַררעגיסטרירן אין דער אַרמיי, וואָס העלפט אין דער גרויסער אַרבעט. מיט דעם דאָלאַר וועט איר העלפן דעקן די אויסגאַבן פון „איקאָר", כדי די גאַנצע געשאַפענע סומע געלט זאָל קענען פאַרנוצט ווערן אויף מאַשינעס. און נאָכדעם, ווי איר וועט זיך רעגיסטרירן, דאַרפט איר עפּעס טאָן!

קויפט אַ סערטיפיקאַט — אַ „ביראָ־בידזשאַן בויער סערטיפיקאַט"! סערטיפיקאַטן זיינען פאַראַן 5־דאָלאַרדיקע, 10־דאָלאַרדיקע, 25־דאָלאַרדיקע, 50־דאָלאַרדיקע און 100־דאָלאַרדיקע! קויפט אַ סערטיפיקאַט לויט אייערע מעגלאַכקייטן, און איבער אייערע מעגלאַכקייטן! געדיינקט וואָס מען קען אויפטאָן מיט מער טראַקטאָרס, מיט מער מאַשינען! דערויף מוז מען האָבן וואָס מער געלט!

און זייט טעטיק פאַר'ן „איקאָר"! רופט זיך אָפּ, אינטערעסירט זיך, קומט צו די מיטינגען און אונטערנעמונגען פון „איקאָר"! ווערט אַ טוער אין „איקאָר"! די טירן פון „איקאָר" זיינען ברייט און פריי אָפן פאַר יעדן איינעם, וואָס סימפּאַטיזירט מיט דער אויפבוי־אַרבעט פון אידישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד!

עס איז אַ שטאָלץ צו זיין אַ מיטגליד פון „איקאָר", אַ טוער פון „איקאָר", צו אַרבעטן פאַר דער אויפבויאונג פון ביראָ־בידזשאַן.

די דערמאָנטע עקספּערטן־קאָמיסיע, וואָס דער „איקאָר" האָט געשיקט קיין ביראָ־בידזשאַן — טייל פון זיי „טרוקענע יענקים", ווי מען רופט עס — פאַרענדיקן זייער באַריכט אַזוי:

„פאַרענדיקנדיק דעם באַריכט, וויל די קאָמיסיע נאָכאַמאָל איבער־חזר'ן איר פאַרטרויען אין די מעגלאַכקייטן פון ביראָ־בידזשאַן און פונ'ם רוסישן ווייטן מזרח. עס איז אַ ריזיק לאַנד, וואָס האַלט זיך אין בויען. עס פאַרמאָגט פיל נאַטירלאַכע רייכטימער, וואָס קענען פּראָדו־צירן אַ סך אַגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע עשירות, כדי צו דער־נערן גרויסע מאַסן מענטשן. עס איז ניט פאַראַן קיין שום גרונט פאַר־וואָס ביראָ־בידזשאַן זאָל זיך ניט אַנטוויקלען אין אַ געדיכט־באַוואוינטן געגנט, און די קאָלאָניסטן—אין צופרידענע און גוט־פאַרזאָרגטע מענטשן. די קאָמיסיע מאַכט די דאָזיקע באַהויפּטונג מיט פולער איבערצייגונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַן ערנסטער און אומפּאַרטייאישער אויס־פאָרשונג.

„געווים זיינען פאראַן אין בירא־בידזשאַן, ווי אין אַלע פּיאָנער־לענדער, שווערע פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן געלייזט ווערן. די פיזישע באַדינגונגען פון ׳דער געגנט זיינען ניט פונקט די זעלבע ווי די, וואָס מען טרעפט אָן ערגעץ אַנדערש, און צוליב דעם דאַרף מען זיי זייער אויפמערקזאַם שטודירן, כדי זיי אויסצונוצן פאַר די קאָלאָניסטן אויף דעם בעסטן אופן. די קאָמיסיע האָט געהאַלטן פאַר איר פליכט אָנצו־ווייזן אינ׳ם באַריכט אויף די שוועריקייטן און זיי אונטערצושטרייכן. צו דער זעלבער צייט פילט זיך די קאָמיסיע באַרעכטיקט צו באַהויפּטן, אַז זי האָט ניט געפונען אין בירא־בידזשאַן קיין שום שוועריקייטן, וועל־כע מען זאָל ניט קענען בייקומען דורך פלייסיקער אַרבעט און דורך אינטעליגענטער אָנווענדונג פון מאָדערנע טעכנישע אָרגאַניזאַציאָנעלע מעטאָדן.

„נעמענדיק דאָס לאַנד ווי עס איז, און טראַגן די שוועריקייטן פון פּיאָנערטום, ביי אַן אינטעליגענטער און מיטפילנדיקער אָנפירונג, און מיט דער נויטיקער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג, קאָן מען דערוואַרטן, אַז די צוקונפטיקע אידישע קאָלאָניסטן וועלן פאַרוואַנדלען בירא־בי־דזשאַן אין אַ גוט־אַנטוויקלט בליענדיק לאַנד, און אַזוי פאַרווירקלאַכן די האָפענונגען און שטרעבונגען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט׳ן דערפאָלג פונ׳ם פּראָיעקט.“

אָט דאָס לאַנד וועט אַנטוויקלט ווערן ווי אַ אידישע סאָוועטישע רע־פּובליק! אָט די אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד איז אַריין אין דעם 5־יאָריקן פּלאַן פון דער סאָוועטן־רעגירונג!

זייט איר אויך צווישן די בויער! לייגט צו אַ האַנט צו דער הים־טאָרישער אַרבעט!

זאָל לעבן דער אויפבוי פון אידישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד!

---

